ח. ש. קאַזדאַן

# משה קנאַפּעס

שער־בלאַט, וויניעטן און אותיות אָנהייב יעדער
קאַפּיטל געצייכנט:
**רות קרוין**

●

טיטל פון בוך: **שאָול ראַסקין**

●

**צייכענונגען פון די הילעס פון די באַהאַנדלטע
ביכער אויסגעפירט דורך די קינסטלערס:**
אַברהם גוטערמאַן: **„מקום"**; ש. פאַגעלמאַן:
**„מגילת ייִד"**; דוד טושינסקי: **„לבנה־קריכער"**;
שאָול ראַסקין: **„100 סאָנעטן"**; יוסף ראַטנער־
מירסקי: **„אַ ייִנגל פון וואַרשע", „עשרה־הרוגי
מלכות און וואַרשעווער געטאָ"; „אליה בחורס
בבא־בוך"**; שאָול ראַסקין, רות קרוין, וואָלף
באַנדורעק: **„באַלאַדעס פון מײַן חרובער היים".**

●

געזעצט און געדרוקט אין דער דרוקערײַ
„סטילאָס" פון סימאָן עדעלמאַן

●

גראַפישער אויסשטאַט:
מעטראַמפּאַזש: קלמן שענקער
לינאָטיפּיסט: חיים־אַהרן יום־טוב
דרוקער: Francisco Arlía
Roberto Piñeiro

ח. ש. קאַזדאַן

# משה קנאַפּעס



פֿאַרלאַג
יידישלאַנד
בוענאָס־איירעס

# chaim s. kazdan

# moisés knaphais

Portada, Viñetas e Iniciales

**RUT KROIN**

(Nombre del libro en la portada)

**SAUL RASKIN**

IMPRESO EN LA ARGENTINA



Hecho el depósito que marca la ley 11.723
Registro Nacional de la
Propiedad Intelectual
Nº 1099644

Este libro se terminó de imprimir en abril de 1972
en los Tall. Gráf. STYLOS de S. Eidelman,
L. S. Peña 1309 - Bs. Aires



E D I T O R I A L

*Idisch Land*

B U E N O S A I R E S

1 9 7 2

# א י נ ה אַ ל ט



# ג ר אַ פ י ש ע ר ט ײ ל

# אַ וואָרט אַ פריִער



ין זײַנע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן שרײַבט מ. קנאַפ־הייס: „מײַנע ליטעראַרישע לערערס זײַנען געווען ח. ש. קאַזדאַן, מלך ראַוויטש, יעקב פאַט ע״ה וואָס האָבן מיט אַ סך ליבשאַפט מיך אַרײַנגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור און מיט פאָטערלעכער זאָרג געוואַכט איבער מיר בײַם שטעלן די ערשטע אומזיכערע דיכטערישע טריט". דאָס איז געווען אין וואַרשע, אין דער צווייטער העלפט פון די 1920 יאָרן. מיר האָבן אַרײַנגעפירט קנאַפהייסן אין דער „קליינע פאָלקסצײַטונג", שפעטער אין דער „וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור".

הײַנט איז מ. קנאַפהייס שוין אַ בן שישים און מע פײַערט זײַן יובילײ. ער איז אויסערגעוויינלעך אַקטיוו און פרוכטבאַר אין פאָעזיע, אין פראָזע און אין איבערזעצונג. איך בין באמת צופרידן, וואָס איך קען בײַטראָגן צו זײַן יובילײ די דאָזיקע ליטעראַרישע אָפהאַנדלונגען.

***

די דאָזיקע אויסגאַבע איז די פערטע אין מײַן סעריע מאָנאָגראַפיעס וועגן יידישע שריפטשטעלערס: א) מענדל מאַן; ב) שלום אַש; ג) איציק מאַנגער; ד) משה קנאַפהייס. פון די אָפהאַנדלונגען וואָס זענען אַרײַן אין איצטיקן בוך, איז נאָר דער עסיי „סאָנעטן און באַלאַדן" געווען געדרוקט אין אַ זשורנאַל (פאַריס, מעקסיקע).

***

איך דאַנק די אַרגענטינער פרײַנד וואָס האָבן געהאָלפן אָפדרוקן מײַן זאַמלונג עסייען וועגן מ. קנאַפהייס.

דער ח'טע ליבע סטאָלאַר מײַן גרויסן דאַנק פאַרן צוגרייטן דעם גאַנצן מאַנוסקריפט אויף דער שרײַבמאַשין.

רות קרוין — אַ האַרציקן דאַנק פאַר העלפן אויסשטאַטן דאָס בוך גראַפיש.

ח. ש. קאַזדאַן

# סאָנעטן

# א ו ן

# באַלאַדעס





אָס בוך האָט עטלעכע אָפּטיילונגען: פּאַריזער סאָנעטן, טעאַטער־סאָנעטן, ים־סאָנעטן, בוענאָס־אײַרעסער סאָנעטן, אינטימע סאָנעטן, סאָנעטן פון פּאַרנאַס, סאָנעטן וועגן זעקס פּאַרפּײַניקטע ייִדי־שע פּאָעטן און אַ זיבעטן, סאָנעטן נאָך אַוועקגעגאַנגענע, סאָנעטן פון מײַן דור, סאָנעטן פון מענטש און גורל, סאָנעטן פון מײַן אָפּ־בילד. ווי אַן אַרײַנפיר צום בוך קומט אַ גרוים פאָרוואָרט אונטערן לאַנגן נאָמען „האַרץ־אַראָפּרעד פונעם מחבר פאַר דער השגחה העליונה, פאַרן לייענער דעם קורא־נכבד, און פאַר זיך אַליין". דער דאָזיקער אויטאָ־ביאָגראַפישער און ליטעראַריש־אינטימער „האַרץ־אַראָפּרעד" — דערציילט אונדז פונעם דיכטערס יאָרן מלחמה־וואַנ־דערונגען און דערנערוועג: וואַרשע־סאָוועטנרוסלאַנד־פּאַריז" (1939־1957). „געטראָגן אויף די צעשפּילטע, צעשטורעמטע כוואַליעס", מיטגעמאַכט דעם טראַגישן געצאַפּל אויפן אומהיימלעך־טונקעלן פּאָן פון פאַרצווייפלונג און אונטערגאַנג", — „און דאָך — ביי דעם אַלעם — אַליין ניט פאַרלוירן אין זיך דאָס פּינטעלע מענטש". „נישט בלויז גורל פון ייִד־מענטש, בײַ מיר אויך נאָך עפּעס: מענטש־ייִד פּלוס ליד".

אַזוי אַרום זײַנען די סאָנעטן אַ סך הכל און אַן איבערבלײַב נאָכן דיכטערס „טראַגיש אונטערגעגאַנגענער וועלט, נאָך זײַן וועלט, זײַן היים ווו ס'איז געשטאַנען די וויג פון זײַנע וועלט־און מענטש־דערלייזערישע חלומות, וואָס האָבן שפּעטער געפּלאַצט ווי אַ זייפנ־בלאָז". די אַכט זײַטן פון דעם האַרץ־אַראָפּרעד אָטעמען מיט טעמ־פּעראַמענט, פּאַטעטישקייט, אויפריכטיקייט, ליריזם.

ווען דער לייענער נעמט אין האַנט דאָס בוך „100 סאָנעטן", חידושט ער זיך. ווי קומט צו אָט די 12 אָפּטיילונגען וואָס זיינען געבויט ביאָגראַפיש, געאָגראַפיש, ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך — די פּאַטעטישע פאָרעם פון סאָנעטן? לאָזן זיך אַרײַנפּאַסן די שטור־מישע איבערלעבונגען און די פאַרסכהכלונג פון דער גרויזאַמער תקופה — אין דער ענגער, געוווּיגן־און געמאָסטענער פאָרעם פון

סאָנעט, מיט זײַנע 14 שורות אָקטאַוון און טערסטעטן? איז דאָך דער געשווירענער כאַראַקטער און אינהאַלט פֿון סאָנעט — ליבע־פּאָע־מע, ליריש־פֿילאָזאָפֿישע פּאָעמע? פּאַרט זיך דער סאָנעט און זײַן גראַציעזקייט, דעליקאַטישקייט, לופֿטיקייט — מיטן שטורמישן, בלו־טיקן אַראָפּרעדערישן אינהאַלט פֿון מ. קנאַפּהייסעס בוך לידער?

אַוודאי, דאָס קינסטלעכע צונויפֿנעמען אין בוך דווקא 100 סאָ־נעטן, יעדערער פּונקט אַ זײַט די גרייס, יעדערער אין דער אויס־געקעסטלטער פֿאָרעם, מיט געמאָסטענע שורות און גראַמען, דערצו נאָך געשריבן אין פֿאַרשיידענע שטעט און לענדער, מיט פֿאַרשידנ־אַרטיקע אינהאַלטן און טעמעס, — דאָס ווירקט צײַטנווײַז שלעכט. און דאָך איז עס אַ שיין פּאָעטיש בוך, מיט אַ סך אויסגעצייכנטע פּאָעמעס, מיט אַ סך מעלות און דערגרייכן.

פֿאַראַן דאָ צווישן די „פּאַריזער סאָנעטן", לויט דער זעלבסט־עדות פֿון מחבר, לידער

**וואָס האָט (האָבן) זיך אין רויש פֿון פּאַריז —**<br>
**פֿאַרפֿירט פֿונעם רייץ פֿון קאַפּריז —**<br>
**פֿאַרגעסן אַ ווײַל און אַ זינג געטאָן סתם.**

דער פּאַריזער בולוואַר וואָס קאָכט „מיט ווײַנשענק, זונה און קלאָשאַר" איז אין פֿולן קאָנטראַסט מיטן דיכטערס שטימונג, מיט זײַן „ווידערקול פֿון ווידוי־קול, פֿון טויט־געשריי". „וואָס פּלאָנטער איך זיך אום דאָ מיט מײַן צער?" — רופֿט אויס דער דיכטער. די בילדער פֿון פּאַריז שפּיגלען טאַקע זייער ווייניק אָפּ דעם דיכטערס צער און ווידוי. די באַשרײַבונגען פֿון דער „ליבע פֿון שלעפּערישן פּאָרל", אָדער פֿון די פּאַריזער בירגער וואָס „דאַרפֿן נאָר ווײַן צום טיש, אַ שטיקל קעז", אָדער פֿון נאָטרדאַם, אָדער פֿון די סאַלונען וואָס עס שלאָגט פֿון זיי „אַ ריח פֿון זנות און פֿון זויערן ווײַן" — דאָס זיינען טעמעס, וואָס האַרמאָנירן זייער ווייניק מיטן שטעמפּל סאָנעטן וועלכע דער דיכטער האָט אויף זיי אַרויפֿגע־לייגט.

גאָר אַנדערש זײַנען יענע לידער, ווו דער דיכטער דערוויי־טערט זיך פֿון „אַ זינג געטאָן סתם" און פֿון אַלבאָם־פֿאָטאָגראַ־פֿיעס פֿון פּאַריז אָדער בוענאָס־אײַרעס. אין יענע לידער ברענגט

ער אַרוים שטילן אומעט און טרויער, זײַן איינזאַמקייט און אַליינקייט, זײַן בענקשאַפט נאָך אַ וועלט וואָס איז מער נישטאָ, — אין אָט די לידער דערהייבט ער זיך צום אמתן גײַסט און שיינקייט פון סאָנעט. אין אַזעלכע לידער דערציילט ער אונדז:

**איך זוך אַליין יענעם צוג וואָס איז אַראָפּ**
**פון וועג, ווי ערגעץ אָן אַ שפּור פאַרפאַלן...**
**און גראָ געוואָרן איז דערווײַל מײַן קאָפּ.**

(וואָקזאַלן)

אָט דרייט ער זיך אַרום אין דער פרימאָרגן־שעה אינעם פאַריזער פּאַרק —

**עס פּוסטעווען די בענק, ס'איז קיינער דאָ נישטאָ,**
**בלויז איך, די בלאָע שוואַלב און אויפן סטאַוו דער שוואַן.**
**ס'איז אויסער אונדז, דעם דרײַליניג, נאָך ווער דאָ פאַראַן —**
**דער שר פון סאָד אָן אומגעזעענער ער שפּאַנט**
**אום רווישלאָז צווישן בוימוואַרג מיטן ווינט בײַנאַנד.**

(פּאַריזער פרילינג טעג)

אין אַזעלכע לידער ווײַזט מ. קנאַפּהיים אַרוים מײַסטערשאַפט אינעם גראַמען, מע פילט גאַרניט די געקינסטלקייט פון געבוי. זעלטן טרעפט זיך אין זיי אָן אויסגעטראַכטער אויסגעמוטשעטער גראַם, זעלטן קומט אין קאָנפליקט די רעאַליסטישע בילדערישקייט אָדער סצענישקייט — מיט דער דעליקאַטקייט פון שפּראַך, מיט די אינטימע שטימונגען און צאַרטע אויסדרוקן וואָס דער סאָנעט פאַרלאַנגט.

נאָך מער אַנדערש זעט עס אויס ווען דער דיכטער דערווײַטערט זיך אין גאַנצן פון רעאַליסטישער בילדערישקייט און רעפּאָרטאַזש, ווען ער גיט זיך איבער אין רשות פון ליריק און אינטימקייט. פון דעם מין זיינען פאַראַן אין בוך אַ סך סאָנעטן וואָס פאַרדינען מע זאָל זיי שטודירן, אַנאַליזירן מיט אויפמערקזאַמקייט און פאַרזיכטיקייט. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף איינעם אַזאַ סאָנעט.

# דאָס קינד

אויף טויטנבאַנק, אין טהרה־שטיבל ליגט
דאָס נײַ־געבוירן נפֿשל פֿאַרהילט
אין ווײַסן לײַוונט — נאָך נישט אָפּגעקילט —
דער קימפּעטאָרינס ערשט פֿאַרלוירן גליק.

עס שלאָגט נאָך דורך די ראָזקייט דורך דער הויט,
ווי ס׳גאַנצע גופֿל וואָלט אין היץ געברענט.
ס׳וואָלט קיינער נישט, מײַן קינד, אין דיר דערקענט,
אַז דו געהערסט — נישט מיר, נישט דיר — דעם טויט.

די ווייכע ביינדלעך דײַנע איז באַשערט
די האַרטע קאַלטע טויט־באַנק, נישט די זויג —
דעם שפּאַן זיך אומצוקערן צו דער ערד.

און אַנשטאָט אים, דעם וויגל — דאָ אַהער
מ׳האָט דיך געבראַכט פֿאַרוויקלט, אײַנגעוויגט,
כ׳פֿאַרדעק דיך קריק, אַ לעצטן בליק. אַ טרער.

דער סאָנעט „דאָס קינד” מעג באמת דינען ווי אַ מוסטער פֿון סאָנעטן־דיכטונג. דאָ איז ניטאָ קיין איין וואָרט מיט פּראָזאַיִשן אינהאַלט. אַלץ איז דאָ קאָנצענטרירט אַרום דער הויפּט־טעמע. די געפֿאַר פֿון סענטימענטאַלקייט איז אויסגעמיטן. עס איז געשריבן מיט זעלבסט־באַהערשטקייט, מיט אײַנגעהאַלטנקייט. ניט די „טעמע” הערשט איבערן ליד, נאָר די שטימונג, די אַטמאָספֿערע. די געשפּאַנטקייט לאָזט ניט אָפּ דעם לייענער — פֿון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער. דעם דיכטערס טרערן — דערשטיקט, זײַנען ווי פֿאַרשטשעמעט. בײַגעקומען דעם נסיון פֿון מוסר־השכּל־דיקייט. דער סאָנעטן־סטיל אויסגעהאַלטן שטרענג, — אין פֿאָרעם, אין תּוך און אינהאַלט.

אויסערלעך גייט דאָס ליד אין געמאָסטענע יאַמבן, ווי עס איז אָנגענומען אין סאָנעטן. 14 שורות — די ערשטע אַכט שורות האָבן פֿינף פֿערז־פֿיס אין אַ שורה, און די אַנדערע זעקס שורות האָבן מיר צו פֿיר פֿערז־פֿיס אין אַ שורה, אינערלעך — איז דאָ

אַלץ גייסט, נשמה. די טעמע איז דערפירט צו פּערפעקטן אויסדרוק, דער סטיל און די פאָרעם האַרמאָנירן מיט דער טעמע און איר אינהאַלט. ווי קורץ און לאַקאָניש דער סאָנעט איז נישט, ווערט אָבער אין אים אַלץ געבראַכט צום פולן אויסדרוק מיט קלאָרקייט און פּרעציזקייט. מיר האָבן דאָס בילד פון קינד, די מוטער די קימפּעטאָרין, מיט איר נאָר וואָס געבוירענעם און ערשט וואָס פאַרלאָרענעם גליק. מיר האָבן דאָ דעם פאָטער און זיין געזעגענען זיך מיטן קינד. מיר זעען דאָס גופל פון טויטן קינד. מיר זעען און מיר פילן דעם טויט אַליין — דער צענטער פונעם סאָנעט. און מיר זעען דעם דיכטערס לעצטן בליק, זיין לעצטע טרער.

עס דאָמינירט אין גאַנצן סאָנעט דער ווייכער יידישער קלאַנג י: ליגט, פאַרהילט, אָפּגעקילט, גליק, וויג, איינגעוויגט, שטיבל, קימפּעטאָרין, קינד, נישט, מיר-דיר, פאַרוויקלט, בליק, קריק, היץ. אויך דער ע גייט מיט, און מיר האָבן: ערשט, געברענט, דערקענט, געהערסט, באַשערט, ענד, אַהער, אַ לעצטן, כ'פאַרדעק, אַ טרער.

אינטערעסאַנט איז אָבער, פון דער אַנדערער זייט, אַז דעם יידישן זי טרעפן מיר אין דעם ליד נאָר דריי מאָל: טויב, פאַרלוירן, הויט. אַזוי ווי דער דיכטער וויל דערשטיקן זיין אוי, זיין טויט-ווויי-געפיל. מיט איינגעהאַלטנקייט באַשרייבט ער די דראַמאַטישע געשעעניש. יעדע שורה — אַן אויסגעהאַמערטע גאַנצקייט, נאָר פיר מאָל טרעפן מיר אַז דער פערז זאָל אויסציען דעם זאַץ און אַריבערגיין אויף אַ צווייטער צי אַפילו דריטער שורה. בדרך כלל זיינען די זאַצן דאָ קורץ, פאַראַן אַפילו זאַצן וואָס באַשטייען פון איין-צוויי ווערטער.

* * *

צום אונטערשייד פון אַזעלכע אינטימע לידער זיינען די „פּאַריזער סאָנעטן”, די „ים-סאָנעטן”, די „בוענאָס-איירעסער סאָנעטן” — געלעגנהייט-פּאָעמעס, מיט מער אָדער ווייניקער ליריזם. בעיקר זיינען עס בילדער, קלאַנגען, פאַרבן פון דער גרויסער שטאָט אָדער פון דער נאַטור. דאָך אין מיטן פון די דאָזיקע דעסקריפּטיווע און נאַראַטיווע בילדער און סצענעס — רייסט זיך אַריין עפּעס וואָס

שמעקט מיט אינטים הארציקן אַרייַנדרינג אין דער אייגענער נשמה און אין דער נשמה פון אַנדערע, אין פלוג גאָר פרעמדע.

כ׳בין דער שאָטן, דער וואָס שאָטנט אָפּ פּאַריז —
מיט אָט אַזוי פיל טרויער בין איך פול,
אַזש איבער ברעגן פול — צו ווערן דול
און אַזוי פיל טרויער שפּיגלט אָפּ פּאַריז.

(שפּיגלען)

ווען דער דיכטער באַטראַכט דעם „מאַן־פרוי־געשפּאַר״, ווי ווי איינער דעם צווייטן זוכט אין פלירט, זאָגט ער:

(זיי) פאַרגעסן אַליין, אַז זיי ווערן געפירט
אַזוי ווי די הינט אויף אַ רימען פון זינד...
עס קנאַלט די מוזיק פון טאַווערנעס צעשפּאַרט,
בלויז איינער, דער הימל, איז טויב און בלינד.

(פּאַריזער בולוואַרן)

אַ פרעכטיק ליד איז דער אַנטקעגנגעשטעל פון פּאָעט און קלאָשאַר.

איך אַליין ווייס נישט מער ווער ס׳איז ווער — — —
ר׳איז ווי איך — אָן אַ היים, אין דער פרעמד,
כאָטש דאָס לאַנד איז זיין לאַנד, איז זיין היים,
ווי דאָס שאַרסטיקע לייַנענע העמד,
ס׳איז מיין וועלט, ווי זיין וועלט, מער נישטאָ
און איך לעב, ווי ער לעבט — אין אַמאָל...
ס׳זיינען שאָטנס געווען און אַוועק.

„פּיגאַל־מאָזאַיִק״ — איז אויך אַ פּאַריזער מאָטיוו. לויט דער סטרוקטור איז עס אַ סאָנעט. דאָס גאַנצע ליד באַשטייט פון איינצלנע ווערטער וואָס האָבן אַן אינהאַלט פון גאַנצע זאַצן. עס איז אַ קאַפּריז־שפּיל פון דיכטער — אין איינצלנע ווערטער אי־בערצוגעבן די אַטמאָספערע פון פּאַריזער בולוואַרן און קאַבאַרעטן.

אין עטלעכע לידער באַשרייַבט ער און באַזינגט דעם בית־עולם פון פּער לאַ שעז. אַנדערע רעיונות באַהערשן דעם דיכטער,

אנדערע שטימונגען און געפילן. ער ווייסט: „דער גורל חוזקט פון אונדז און לאַכט״...

אַזוי זיינען אויך די סאָנעטן וועגן בוענאָס-איירעס. נאָך אַלע זייַנע נע-ונדן האָט דער דיכטער געפונען רו אין דער שיינער אַר-גענטינער הויפּטשטאָט. דערציילט ער אַ סך זאַכן מיט דינעם הו-מאָר וואָס פּאַסט זיך גראָד אַרייַן אין די ציקלען סאָנעטן. אָבער אָט איז אַ סצענע:

אַ מענטש האָט פּלוצלינג, פאַר דער צייַט
געמאַכט זייַן חשבון מיט דער וועלט.
ס'האָט קיינער נישט דעם טויט באַוויינט,
קיין קינד האָט נישט געלאָזט קיין טרער — — —
אַ לעבן ליגט פאַרקאַפּטנט שטום...
וואָס האָסטו, מענטש, מיט זיך געטון?

(סך־הכל)

פון די אַרומיקע בוענאָס-איירעסער שפּיטאָלן ווערט אוודאי דעם דיכטערס געמיט נישט בעסער. אויפן יידישן בית-עולם דאָ —

וויין־טענער, זיפצן וואָס שטיקן און וואַרגן.
עס בייגן מצבות די שטיינערנע קאַרקן...
קוק מענטש זיך נישט אום, זאָלסט ניט זען ווי עס ווערט
פון אַלעמדינג שאָטן — פון בוים ביזן פאַרקן.

רייַסט זיך בייַם פּאָעט אַרויס אַ וויטיקלעכער זאַג:

ס'איז האַרבסט אין מייַן באַלאַדע, און אין האַרץ מייַנס — נאַכט.

וואָס עלטער דער דיכטער ווערט, אַלץ פאַרטיפטער השבון-הנפשדיקער, קוהלתדיקער ווערט ער. „מייַן אָפּבילד״ איז אַ מוס-טער פון דעם מין סאָנעט. דאָס ליד האָט נישט קיין קאָנקרעטן אינ-האַלט. עס איז נישט בילד, נאָר אָפּבילד. אַבסטראַקציע, לופטיקייט, פאַרנעפּלט, פאַרהויכט. דער דיכטער זעט, ער פילט — עס דערנענ-טערט זיך די צייַט פון זייַן פיזישן פאַרשווינדן, אוועקגיין. ער גלייבט אָבער, אַז זייַן נאָמען, זייַן פּנים וועט אין פאַרלויף פון צייַט און פון יאָרן

אויפטויכן רייִן, אָן אַ שטויב
ווי ערגעץ אין וועמענס זכרון,
אַזוי ווי דער שוועב פון אַ טויב —
אַ בלענד־טאָן אַ מאָל אַזאַ קלאָרן
אין יאָרן אַרום אין אַ שויב.

אין ליד „מײַן אָפּבילד" קוקט דער דיכטער אויף די שויבן, אויף וועלכע ס'גייט אַדורך אַזוי ווי אויף אַן עקראַן — זײַן לעבן. דעם דיכטערס „הייסער צעפּיבערטער אָטעם / פאַרנעפּלט די שויבן, פאַרהויכט... / איך בין מער שוין נישטאָ אין די שויבן". מיר ווערן באַאײַנדרוקט פונעם חשבון־הנפש — אַ לעבן וואָס איז אַדורך איבער די שויבן וואָס זיינען שוין איצט „איבערגעצויגן מיט הויך".

דעם זעלבן מאָטיוו האָבן מיר אין אַ צווייטן סאָנעט „פאַרן מאָרגן".

פאַרגרייט דײַן פּנים פאַרן מאָרגן,
דעם לעצטן אויסזען פון דײַן בילד,
אַרום דעם מויל אַ שמייכל מילד,
דער שטערן בלויז צעקנייטשט פון זאָרגן.

אַרומגעשפּאַנט — אַ נאַר אויף מאָרגן,
גערויטלט זיך ווי פול מיט שולד.
דער בליק פאַרטראַכט, געצוימט, געקילט,
ווי עפּעס וואָס ער וואָלט פאַרבאָרגן.

צופוסנס דיר, זע, ליגט דערוואָרגן
די בענקשאַפט — אייביק אומגעשטילט,
געצאַפּלט, זיך געריסן ווילד...

אין זילבער־קרוין דײַן קאָפּ געהילט,
און ס'זאָגט די קרוין דיר: — ביסט פאַרשפּילט,
גרייט צו דײַן פּנים פאַרן מאָרגן.

דער סאָנעט איז פול מיט טרויער, אומעט, בענקשאַפט. פאַרשפּילט, אָן האָפענונג, אָן אַ צוריק. די בענקשאַפט האָט דיך באַגלייט ווי אַ שאָטן דײַן גאַנץ לעבן. ביסט הילפלאָז, נעבעכדיק. דער

שיקזאַל מאַכט שפּאַס פון דיר, פון דײַן פאַרגאַנגענעם לעבן, „אַ נאַר אויף טאָרגן״. אַט דער טאָן פּילט אָן דעם גאַנצן אינהאַלט פון ליד — סײַ אין קלאַנג און גראַם, סײַ אין שטימונג. מאָרגן, זאָרגן, טאָרגן, פאַרבאָרגן, דערוואָרגן... און ווידער דער זעלבער ייִדישער קלאַנג: בילד, מילד, שולד (שילד), געקילט, אומגעשטילט, ווילד, געבילט, פאַרשפּילט...

אַ טרויעריקע סימפאָניע פון עצבות, יאוש, צער, יסורים.

לאָמיר האָבן אַ קורצן שמועס איבער נאָך איין ליד: „בענקשאַפט״. דאָס ליד דערציילט אַ סך וועגן מ. קנאַפּהייסעס טאַלאַנט, שטימונג און פּערז־מײַסטערשאַפט.

חו וואַרטסט אויף מיר — כ׳וועל קומען.
די בענקשאַפט וואַקסט און יערט
און ווי די ערד זי ווערט
מיט זאַפטן דורכגענומען.

די הערסט איר רוף, איר ברומען...
ס׳איז יעדן מענטש באַשערט
דעם זעלבן חלק ערד,
דעם האַרבסטיקן און שטומען.

און ווי אַ בינטל בלומען
די בענקשאַפט קוואַרט און ווערט
פון זיך אַליין פאַרצערט,

און ס׳ביטערט אויפן גומען
איר רוף, ווי קברות־ערד —
פון קיינעם ניט דערהערט.

ס׳איז דער זעלבער מאָטיוו ווי אין פריִער ציטירטן ליד „פאַרן מאָרגן״. ס׳איז די אייביקע אומרויִקע, אומגעשטילטע בענקעניש נאָך עפּעס ווײַטס און חלומדיקס. אייביקע אומצופרידנקייט מיט זיך, מיט דעם וואָס איז. איר רוף „ביטערט אויפן גומען״, דער מענטש טראָגט עס אין זיך. קיינער זעט עס נישט, באַמערקט עס נישט, הערט עס נישט. די בענקשאַפטן באַגלייטן דעם מענטשן ביז זײַן לעצטן אָטעם.

דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט דער שורה „דו וואַרטסט אויף מיר, כ'וועל קומען". רעדט דער דיכטער צום טויט? צום פאַטאַלן מאָרגן וואָס קיינער קען אים ניט אויסמיידן? רעדט ער צו דער בענקשאַפט, וואָס באַגלייט ווי אַ שאָטן דעם מענטשן זיין גאַנצן לעבנסוועג? דאָס ליד איז פילאָזאָפיש - פּעסימיסטיש, עס איז ניט שטורמיש, עס איז אָן פאַרביטערטקייט, כמעט עפּיש. נישט אומזיסט קומען די צוויי לי־דער צום סאַמע סוף פון בוך. עס איז דער הבל-הבלימדיקער סך-הכל, עס איז דער ביטערער געלעכטער איבערן מענטשנס גורל. די בענק־שאַפט טריומפירט — „ביסט פאַרשפּילט". אָבער לעבן מיינט כסדר בענקען צו עפּעס העכערס, נייס, פאָרויס. בענקשאַפט איז אַקטיווי־קייט, שעפערישקייט. בענקשאַפט איז נישט פאַרצווייפלטקייט, פאַר־לוירענע האָפענונג. דער מענטש איז מיט דער בענקשאַפט אויף דו, ער רעדט צו איר ווי צו אַ מענטש. און אַזוי ווערט די בענק־שאַפט „פון זיך אַליין פאַרצערט".

די פאָרעם פון ליד, איר אויסערלעכקייט אַנטשפּרעכט דעם אינ־האַלט. די שורות זיינען קירצער ווי אין געוויינטלעכן סאָנעט. עס דאָמינירט דער קלאַנג אַ, מיר הערן אים אין דער ערשטער און פערטער שורה, אין דער פינפטער און זעקסטער, אין דער ניינטער, צוועלפטער און דרייצנטער. דער אַ ווערט באַגלייט פון צוויי קרוי־בישע קאָנסאָנאַנטן — וו און ב: וואַרטסט, וועל, וואַקסט, ווערט, ברומען, האַרבסטיקן, בינטל, בלומען, קוואַרט, ס'ביטערט, קברות-ערד.

אַ שטילער צוזאַמענשפּיל פון קלאַנגען און קאָנסאָנאַנטן, פון ווערטער און שטימונגען. צוויי מאָל הערן מיר דעם רוף, דאָס ברומען פון דער בענקשאַפט. אַ מאָל אַסאָציירט זיך עס מיט אַ „בינטל בלומען", אַ מאָל — מיט „קברות-ערד". קוקט נישט אין קאַלענדאַר, פרעגט נישט ווי אַלט איז דער דיכטער. עס האָט נישט צו טאָן מיט ציפערן. עס איז פּאָעזיע, דיכטונג און „נישט מער". די בענקשאַפט איז „מיט זאַפטן דורכגענומען" זאַפטן פון אַ סאָנעט. מיר געפינען זיך אין היכל פון פּאָעזיע.

* * *

אין אַ ליד וואָס טראָגט דעם נאָמען „אַ סאָנעט וועגן סאָ־נעטן" שרייבט אַברהם רייזען:

כ׳האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין שום פאַרלאַנגען,
ווי אַנדערע פּאָעטן, אַ סאָנעט צו דיכטן.
איך שטאַם פון פאָלק, איך קום פון זײַנע שיכטן,
איז מיר די יחוס־פאָרמע לאַנג נישט אָנגעגאַנגען — — —
איך לייקן נישט די שיינקייט פון סאָנעטן־פאָרמע,
און ווי געדרייט און קונסטפול זיינען אירע וועגן;
נאָר ווען איך זיג פון זיך, פון פאָלק און מענטשן אָרעמע
דאַן גיסן זיך די ווערטער איבער אַלע ברעגן.

אין בוך „הונדערט סאָנעטן" האָט זיך מ. קנאַפּהייסן אײַנגעגעבן צו פאַראייניקן די אַלע אייגנשאַפטן וועגן וועלכע אברהם רייזען רעדט. ער האָט מיט טאַלאַנט באַהערשט די „יחוס־פאָרמע" פון סאָנעט; ער האָט געצווימט זײַן פערד, עס זאָלן זיך נישט „איבער־גיסן די ווערטער איבער אַלע ברעגן"; ער האָט אין זײַנע סאָנעטן געגעבן אַן אָפּבילד פון זיך, פון פאָלק און מענטשן אָרעמע; ער האָט געשאַפן אַ רײַכן דיאַפּאַזאָן פון טענער, שטימונגען, געזאַנגען. זײַן „שטאַמען פון פאָלק" האָט אים גראָד נישט געשטערט, נאָר פאַרקערט, דערהויבן, געוועקט קינסטלערישע אחריות און אויפ־מערקזאַמקייט. דורך זײַנע לידער און סאָנעטן האָט ער געשאָנקען דעם פאָלק און דער יידישער ליטעראַטור אַ סך שיינקייט און עס־טעטיק פון קלאַנג און בילד.

* * *

גאָר אינטערעסאַנט אין אַ סך פּרטים איז מ. קנאַפּהייסעס ציקל „סאָנעטן וועגן זעקס פאַרפּײַניקטע יידישע פּאָעטן און אַ זיבעטן". אינעם ציטירטן „האַרץ־אַראָפּרעד" און אין זײַן פאָררעדע צו זײַן שפּעטערדיקן בוך „באַלאַדעס פון מײַן חרובער היים" (1968) דערציילט מ. קנאַפּהייס וועגן דעם ווי ער האָט בעתן נע־ונדעווען איבער דער גרויסער רוסישער מדינה, זיך באַגעגנט מיט די דאָר־טיקע יידישע פּאָעטן. ער האָט זיך מיט זיי געטראָפן אין מאָסקווער אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, ער האָט זיך געהאַלטן מיט זיי ווי אַ קאָלעגע, ווי אַ חבר, ווי אַ יידישער פּאָעט. ער האָט זיי געגעבן לייענען זײַנע פּאָעמעס. זיי האָבן גינסטיק אָפּגעשאַצט זײַן טאַ־לאַנט און זיי האָבן אים געהאָלפן פאַרעפנטלעכן זײַנע זאַכן, פאַר־שטייט זיך, ווען זיי האָבן אַרויסגעגעבן, ווי איך דערצייל אין אַ

ווײַטערדיקן קאַפּיטל, זײַנע „לירישע באַלאַדן", האָבן זיי עס רויט באַפאַרבט, געענדערט טיטלען פון אַ פּאָר לידער, און אַרײַנגעפּירט סטאַלינען... ער האָט זיי פאַרגעלייענט אַפילו לידער אין וועלכע ער האָט באַשריבן דאָס „הינטישע לעבן" פון די יידישע שרײַבערס וואָס זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן פון פּוילן אויף דער עוואַקואַציע אין ראַטן־פאַרבאַנד. מ. קנאַפּהייס האָט אין פּוילן געהאַט גרויסע סימפּאַטיעס פאַרן קאָמוניסטישן לאַנד; איצט האָט ער איבערגעלעבט דאָ אַנטוישונג, צווייפל. אין זײַנס אַ ליד פון יענער צײַט „ס'איז דײַן שיינקייט מיר דערווידער" — דערציילט ער — זיינען געווען אַזעלכע אומצווייטײַטיקע שורות וועגן זײַן טרויעריקער דערקענטעניש פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט:

צי איז דאָס נישט דאָס זעלבע מעסער
וואָס האָט געשאָכטן מײַנע ברידער?
מיט אָבליטעריט די אָונטבערג כ'פאַרלאָז —
ס'איז דײַן שיינקייט מיר דערווידער.

איצט — אין 1957. שוין נאָכן גרויסן חורבן פון דער יידישער ליטעראַטור אין לאַנד פון די ראַטן. יידישע פּאָעטן פון קאָמוניסטישן לאַנד — אויסגעקוילעט, אויסגעראָטן. מ. קנאַפּהייס שרײַבט זײַן בוך סאָנעטן אין בוענאָס־אײַרעס. ער ווידמעט „די פאַרפּײַניקטע יידישע פּאָעטן" אַ גרויסן ציקל לידער. דער טיטל איז: „פּאָעטן־מאַרטירער". אין צען סאָנעטן מאָלט ער זייערע טראַגישע געשטאַלטן. דאָס זיינען פון די בעסטע לידער אינעם בוך. הגם די טעמע איז „סענסאַציאָנעל", פאַלט אָבער דער דיכטער נישט אַרײַן אין נוסח פון פּראָזאַישער באַשרײַבונג, כאָטש דאָס אַליין וואָלט אויך געווען געניג דראַמאַטיש. ער קריטיקירט נישט, ער שרײַבט אָן סאַרקאַזם, אָן שאָדנפרייד. ער האַלט זיך אויף דער הויך פון דער היסטאָרישער טראַגעדיע פון יידישן פאָלק און זײַן ליטעראַטור. ער ברענגט אַרויס דעם גאַנצן ווייטיק פון די יחידים־פּאָעטן, פון זייער אינדיווידועלער טראַגעדיע.

די לידער פונעם דאָזיקן ציקל פאַרמאָגן אַ סך קינסטלערישע מעלות און דיכטערישע דערגרייכן, זיי לערנען אונדז וואָס הייסט סאָנעט, וואָס ער דאַרף זײַן, וואָס איז זײַן ראָל אין דער מלוכה

פון פּאָעזיע. דער אויפריכטיקער פּאַטאָס פון די לידער האָט זיי
דערהויבן און באַצירט מיט דער קרוין פון אמתן פּאָעטישן סאָנעט.

אין זײַן עסיי „מאַני לייבס סאָנעטן״ (אין בוך „דיכטער און
דיכטונג״, 1965) גיט דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער שריפט־
שטעלער — און אַליין אַ פּאָעט — **אַ. טאַבאַטשניק** — אַ פּאַרטיפ־
טע דעפיניציע און אָפּשאַצונג פון מאַני לייבס סאָנעטן, און דאָס
איז די קלאָרסטע כאַראַקטעריסטיק און אויסטײַטשונג פון דעם סאָ־
נעט בכלל. „די גרעסטע מעלה פון די סאָנעטן — שרײַבט אַ. טאַ־
באַטשניק וועגן מאַני לייבן — פון אַ פאָרמעלן קוק איז לויט מײַן
מיינונג, דער פאַקט וואָס זיי באַרעכטיקן מיט אַזאַ נאַטירלעכקייט
די פאָרעם פון סאָנעט. זיי האָבן עפּעס אַנדערש ווי סאָנעטן נישט
געקאָנט זײַן. זיי זיינען סאָנעטן נישט נאָר ווײַל זיי האָבן פערצן
שורות און אַ געוויסע אָנגענומענע גראַמען־סכעמע. זיי זיינען סאָנעטן
ווײַל זיי זיינען דער לעצטער רייפער סך־הכל פון אַ פּאָעט. זיי זיי־
נען סאָנעטן לויט דער ענדגילטיקייט פון דעם אויסגעמײַסטערטן
פערז, דעם פּלאַסטישן קער און ווענד פון דער סטראָפע... נישט גע־
קוקט אויף דער סענסועלער רײַכקייט פון בילד, איז פאַראַן אין די
סאָנעטן פרומקייט, צניעות און קינסטלערישע באַשיידנקייט... פּי־
לנדיק זיך אין באַזיץ פון אַלע זײַנע פּאָעטישע כוחות, איז מאַני
לייב קיין מאָל נישט קונצנמאַכעריש אָדער ווירטואָזיש־פאַרשווענ־
דעריש״ (ז׳ 169, דער עסיי איז געשריבן אין 1963).

וואָס האָט מ. קנאַפּהיים דערגרייכט אין זײַן סעריע „פּאָעטן־
מאַרטירער״? האָט ער גובר געווען די נסיונות פון דער טעמע?
זיינען אָט די לידער זײַנע סאָנעטן „לויט זייער אינערלעכן גײַסט
און ריטם״?

דאָס ערשטע ליד, וואָס איז אַ מין אַרײַנפיר צום גאַנצן ציקל,
גיט דעם געהעריקן טאָן. בײַם קײַלעכיקן מאַרמאָרנעם טיש זעצט
דער דיכטער אַוועק זעקס יידישע סאָוועטישע פּאָעטן. זיי זיצן
שטום פאַרטראַכט, זיי מישן די בלעטער פון זייער זכרון, זיי דער־
מאָנען זיך זייער לעבנסגאַנג — „אַ גיין געשפּאַנט אויף שטריק״,
ווען יעדערער פון זיי האָט ריזיקירט אַ ליאַדע מינוט צו טאָן זיך
„אַ וואַקל און אַ פאַל אין טיף פון תהום — פאַרשעמט, צעמישט,

פאראכט". א גרויס בילד פון א גרויזאמער תקופה, פון אן אומ־גלויבלעכער גייסטיקער פארבלענדעניש.

צווייטע ליד: „אויף דער קייט". עס איז די אלטע פארזשא־ווערטע קייט פון די ציינטן פון צארן־הערשאפט. אויך איצט ווי די אמאליקע בורלאקעס אויף דער וואלגע, שפאנען די זעקס פאעטן „געשמידט אין ליד". זייער פאעטיש ווארט האט אמאל געשפילט

**א ראל — צום רום פון שפיז און האק, געגילדט**
**מיט פאלשן גאלד, צו האלטן אויף דער קייט**
**ווי מ'האלט א הונט — אי פאלק, אי נביא וואס באגלייט**
**דאס פאלק אין שטריק־גאנג אויף צוריק־גאנג — — — —**
**אין שאטן פון דער שרעק וואס סמט די רו, די פרייד.**

דאס דריטע ליד — „אין שפאן". דער דיכטער ווייזט די יידישע פאעטן — „אין שפאן פון סערפ־און האמער־ליד".

**גאנץ אפט איז זיי געווען אויף זיך אליין א שאד,**
**נישט איין מאל אין אליינקייט האט א טרער געבליט**
**אין אויג — פון חרפה פארן ווארט וואס האט געקניט**
**אין לויב־ליד פארן תליון ווי פאר גאט.**

דאס פערטע ליד — „בראדיאגעס" — דערציילט וואס פון דעם דיכטער־דור איז געווארן, וואס דער רעזשים האט פון זיי געמאכט: „בעזפאספארטנע בראדיאגעס זעקס/מיט קרוין אויף קאפ — — א באנדע שלעפערס, אפשרעק־טיפן — בארוועס, הויל — — — — די קברות־קליידער האלב צעפוילט"...

**ס'טראגט ווער א משוגעים־העמדל — ענג און נעט.**
**איר קענט אים נישט? דערקענט אים: — משה קולבאק, אוי:**
**באגראבן, ס'בעט אייך איבער, הינטער א קלאזעט...**

די סאנעטן מאכן פארגליווערן אייער בלוט. עס שווינדלט אייך אויף ביז טיף. יעדערער פון די פאעטן שטייט „לעבעדיק" פאר אייערע אויגן. ס'איז ניט קיין אינדיווידועלער פארטרעט, דאס זיי־נען נישט קיין ביאגראפיעס פון יחידים. א הוראגאן א לאנגדויערנ־

דיקער האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד פון די סאָוועטן און האָט גע־בראָכן־געשטאָכן, אַרויסגעריסן יידישע דעמבעס מיט די וואָרצלען. עס איז אַן עפּאָפּייע פון אַ תקופה ווען „דער פחד האַלט דאָס לאַנד פאַרצוימט ווי שטעכל־דראָט".

אָט קוקט זיך צו צו דעם מיט שוואַרצער באָרד, ער האָט
זיך ניט געריכט וואָס אים דערוואַרט — אַ מאָדנער סוף:
געפאַלן פון אַ קויל אין נאַקן אין געלאָף
ביים אָפּשטיין פון עטאַפּ... דער הרוג אַ ק ס ע ל ר אָ ד.
און יענער לעבן אים באַברילט, זיין לאַנדסמאַן גראַד
———פרעך האָט אים געדראָט
זיך מודה זיין ס׳נאַגאַנען־הענטל... סוף־כל־סוף
וועט א י ז י כ אַ ר י ק אָבער בלייבן נישט אויף שפּאָט.

אינעם ליד „דער צעטראָטענער" זעען מיר אַ צווייטן יידישן דיכטער פון סאָוועטן־לאַנד: א י צ י ק פ ע פ ע ר.

אוי, ווער וועט גלייבן אויפן זקן — קוקט אים אָן —
אין לאַגער־טראַנטעס, איינגעהויקערט — הויט און ביין.
אין טרעפּעס אויף די פיס, צעיאַטערט — דאָס זאָל זיין
דער שטאָלצער איציק פעפער? — — —
פאַרנומען נישט אומזיסט האָט ער דעם אויבנאָן...
און איצט — פאַרלוירן האָט זיין וואָרט דעם מינדסטן שיין.
און ער אַליין — צעטראָטן ווי די רויטע פאָן.

די שטילקייט מיט וועלכער דאָס אַלץ ווערט דערציילט, איז די שטילקייט פון אַ בית־עולם. שאָטנס פילן אָן די לופט. שאָטנס פון מענטשן צעטראָטענע, דערנידעריקטע, אויסגעהוזקטע. נישט מיט גאַל, נישט מיט ביטערער איראָניע רעדט דער דיכטער וועגן אָט די „געוועזענע", צום מיאוסן טויט פאַרמשפּטע, נאָר מיט טרערן און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. דער לעבנגעבליבענער דיכטער שטעלט אַ מצבה זיין אייגענער גרויסער אַנטוישונג, זיין פאַרלוי־רענעם גלויבן. ער שטעלט אַ מצבה זיינע פריינד. זיינען זיי פאַר־רעטער פון יידישן פאָלק, פון יידישער ליטעראַטור? ניין, זיי זיינען די אומגליקלעכסטע קרבנות־מאַרטירער.

און אַט איז דער פּרינץ פון גאַרקי־גאַס אין דער הויפּט־שטאָט פון די סאָוועטן — פּ ר ץ מ א ר ק י ש.

אַ. שלאַנקער פּרינץ פון גאַרקי גאַס, דו האָסט
פאַרכישופט מאָסקווע מיט דײַן טראָט. מיט ליד און לויב,
געווען ביסט, פּרץ מאַרקיש. ווי פאַרבלענדט, פאַרגלויבט
אין ראַשן בוך, אין דניעפּראָסטראָי, אין קרעמל־שלאָס.

האָסט ניט געזען, ווי מ׳האָט דאָס פאָלק אַנטוויינט, באַרויבט
פון שענסטן טרוים — צו לעבן פרײַ, אָן צעפּ (קייטן),
אָן קלעפּ.

געמאַכט פון פאָלק אַ שמאַטע... זײַנע פּני געקעפּט.
און דו האָסט אַלץ געזונגען: וויוואַט! אָ, איך הויב

דעם כוס... עס איז שוין פול געווען מיט בלוט, דער כוס:
פאָעט עסטעט, פאַרהויב דאָס פּנים דײַנס, פאַרהויב!...
פאַרריכטסט זיך פון געוווינהייט ס׳שניפּסל אויסגעשטעפּט.

וואָס זע איך, מאַרקיש! וויינסט?... אַ טרער אין אויג
צעגלאָזט...

דערמאָנסט זיך האַ, די גאַרקי גאַס... די מאַרמאָר־טרעפּ...
אין בלוט אויף שניי... אין מאָסקווער גאַסן —
שטום און טויב...

אויפן זעלבן קינסטלערישן אופן גייען דורך פּאַר אונדזערע אויגן אויך דוד האָפשטיין און לייב קוויטקאָ. און מ. קנאַפּהיים פאַרענדיקט אַט די מערקווירדיקע סעריע לידער מיט די וויטערדיקע דרײַ שורות:

חברים, שרײַבערס יידישע, איך זע ווי ס׳צינדט
זיך אײַער טראָט און בלוטיקט רויט צעגליט אין שניי,
אָט זעט, איך גיי מיט אײַך אין ריי און כ׳גיי און גיי...

עס איז אַ גרויס־פאַרמאָסטענער ציקל סאָנעטן. באַשיידן זיינען די שורות פון די לידער. עס הערשט איבער זיי אַ סובטעלע שטימונג, אַ צערפּולער טאָן. וואָלט פון די 100 סאָנעטן געבליבן נאָר דער איינציקער ציקל, וואָלט דאָס אַליין גענוג געווען צו ווײַזן דעם דיכטערס טאַלאַנט און מײַסטערשאַפט.



זעלטן בילד פון דער פאַרשוווּנדענער וועלט: אַ גרופּע מיטגלידער פון דער דראַמאַטישער סטודיע „אַדאָניס" אין וואַרשע, אין 1928, בראָש מיטן ליטעראַרישן לייטער פון דער סטודיע משה קנאַפּהייס. סישטייען פון רעכטס: אַברהם ניימאַן, משה קנאַפּהייס, משה אייבעשיץ, דוויד הערמאַנשטאַט; סיזיצט: לייזער זילבערמינץ

(אַרכיוו פון משה אייבעשיץ, סאַן פּאולאָ)

# מיט אייגענעם באַלאַדישן דרך



אין אַן אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע „באַלאַדע פון אַנ־טווישטן וואַנדערער" דערציילט מ. קנאַפּהייס וועגן זײַנע קינדעריאָרן און זײַנע יוגנטלעכע טרוימען. די באַלאַדע איז געשריבן אין 1939, אין וואַרשע, ערב דעם אָנקום פון דער שפּעטערדיקער קאַטאַס־טראָפע. דער יוגנטלעכער קנאַפּהייס איז באַהערשט פון אַ גלויבן, אַז „די טריט פון משיח גענענען". סע קומט אַ נײַע צײַט ווען „ס'רישעות פון מענטש וועט פאַרשווינדן". ער האָפט און גלייבט, אַז ער וועט דערגרייכן צום לאַנד ווו בלויז חלום און פרייד גע־וועלטיקן. עס הערשט אויף דער וועלט „אַ ווילדער רוט", אָבער ד אָ ר ט אין אויסגעחלומטן לאַנד איז אידיליע, דאָס לאַנד לעבט רויק און זאַט. אָבער ווען דער דיכטער קומט אָן אַהין ענדלעך, און ער נעמט אַרויס זײַנע „פאַרבלוטיקט־פאַרוואָגלטע לידער" און ער הייבט זיי אָן פאַרלייענען פאַרן דאָרטיקן גליקלעכן פאָלק, רופן זיי צו אים אוים: „מיר ווילן נישט הערן פון טרערן" —

> **דאָ מוז מען די שיינקייט און פרייד,**
> **וואָס איז נישט צו קריגן, באַשרײַבן.**
> **זיי זאָגן מיר: מנע, ס'טוט אונדז לייד**
> **וועסט לײַדער נישט קענען דאָ בלײַבן.**

און דער טרוימער־דיכטער נעמט ווײַטער זײַן וואַנדער־שטעקן אין האַנט און לאָזט זיך ווײַטער „צו זוכן דאָס גליקלעכע לאַנד וואָס איז נישט אין ערגעץ פאַראַן".

דער סיפּור המעשה וועגן דעם יונגן דיכטערס חלום וואָס איז אַזוי דראַמאַטיש אויסגערונען, איז באַלאַדיש, איבערהויפּט אין די לעצטע שורות וואָס מיר האָבן ציטירט. עס איז געשריבן אין עפּי־שן טאָן, הגם דער תוך איז דראַמאַטיש, רעאַליסטיש.

עס איז די ערשטע באַלאַדע אין דער ערשטער פון די זעקס אָפּטיילונגען: „באַלאַדעס פון ערב שטורעם". עס איז אַן אַרײַנ־

פיר צו דער גאַנצער סעריע. ס'איז אַ מין פאַרשטעלן זיך פאַרן לייענער, ער זאָל וויסן וואָס ער האָט צו דערוואַרטן פון דעם „אַנ-טוישטן וואַנדערער". און דאָס איז דער אָנהייב פון מ. קנאַפהייסעס בוך „באַלאַדעס פון מײַן חרובער היים". יעדע באַלאַדע פאַרצייכנט דאָס יאָר ווען זי איז געשריבן, אָבער אויסגעשטעלט זיינען זיי אַלע נישט כראָנאָלאָגיש נאָר אין טעמאַטישע ציקלען. אָט אַזוי גייען פאַר אונדז אַדורך די פערציק באַלאַדעס פון דעם בוך, — אַנדערע זיינען מיט אמתער באַלאַדישקייט, אַנדערע זיינען מער מעשה-פּאָעמעס.

צווישן די „באַלאַדעס פון ערב שטורעם" טיילט זיך אויס די באַלאַדע פון אַ קראָ, אַ פלעדערמויז און אַ זילבערנע לוויה". שוין דער טיטל פירט אונדז אַרײַן אין אַ באַלאַדע-וועלט. מיסטעריעזער פויגל, אַ זילבערנע לוויה. די קראָ „פּיקט די ווערטער-זשאַרנעס פון מײַן ליד", די פלעדערמויז „קרײַזט אַרום אין פלאַטער נידע-ריק איבער מײַן קאָפּ" — און דער קאָפּ ווערט מיט אַ מאָל גראָ... און עס קומט אַ חלום:

**אַ שיינע זילבערנע לוויה,**
**ווי אַ שטאָלצע קיניגלעכע פּאַווע**
**שפּאַנט אום גאַס אויס, גאַס איין**
**אין שוואַרצן טויט-געשפּאַן**
**איינזאַם, שווײַגיק, אָן געוויין —**
**אַ טויטגאַנג אַ לעצטער**
**איבער טויטע גאַסן**
**פײַערלעך, געלאַסן...**

בײַ דער זילבערנער לוויה שפּאַנען-מיט די זעלבע מקורבים — די שוואַרצע קראָ, די אָוונטשרעק, די פלעדערמויז. ווער איז געשטאָרבן? וועמעס לוויה? אפשר איז עס אַ מענטש, און אפ-שר איז עס אַ ליד, און אפשר גאָר אַ סוד. מיר געפינען זיך אויפן גרענעץ „צווישן וואַך און שלאָף". צום סוף ווערט גאָר אַלץ אומגעריכט פאַרשוווּנדן.

**די חלום-זעאונג פון דער אָוונטשרעק**

האָט זיך פּלוצים פון מיר אָפּגעטון,
אין ווּיסטע וועלדער ווי אַוועק,
אַנטלאָפן,

און געלאָזט מיך מיט דער אָפּגעדעקטער שרעק
אין מײַן שטייניקן אַליין,
און כ׳וויים נישט אָט אַזוי ביז הײַנט,
אין וועמען איז דאָס אַלץ
דאָס גאַנצע לײַב און לעבן מײַנס
געווען געווענדט.

און די באַלאַדע ענדיקט זיך מיט דעם, אַז דער בייזער חלום איז אַנטרונען.

צי איך האָב אים אַרויסגעיאָגט
פון שטוב
וואָס גרייט זיך זײַן מײַן גרוב...

דאָ איז אַלץ טיפּיש באַלאַדיש. אפשר צו פיל טעמפּעראַמענט, ווייניק צימצום, ווייניק מעלאַדיש. עס איז געשריבן אין יאָר 1937, מ. קנאַפּהייס איז ערשט אַרוים פון פּוילישער תפיסה ווו מע האָט אים געהאַלטן פאַרן „פאַרברעכן" פון מיטגיין מיטן קאָמוניסטישן שטראָם. דאָס ליד איז אַ שטיק „פּאָרויסזע", וואָס עס גייט אויף פּוילן, אויפן פּוילישן ייִדנטום. פאַרבונדן מיטן פּערזענלעכן איך, פאַרמאָגט די באַלאַדע מער ליריזם. זי איז אָריגינעל, די מיסטישקייט פון די הויפּט-פּערסאָנאַזשן מאַכט אײַך גלויבן — אין ציטער און שרעק. דער נאָך גאָר יונגער דיכטער פאַרמאָגט שוין זיכערקייט פון פּענדזל און מאָלערײַ, אויך באַוווּסטזײַן פון די שאַף-מעטאָדן.

אין זײַן גרויסער פאָררעדע צום בוך, געשריבן אין 1968, דערקלערט ער דעם לייענער אין וואָס באַשטייט זײַן באַלאַדישער סטיל און דרך. „ווי מיט נישט-געזעענע פינגער פון אירע כישופדיקע פערזן, — שרײַבט מ. קנאַפּהייס וועגן **דער באַלאַדע בכלל**, — ווערן אין דער באַלאַדע אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן רעאַלן און מיסטישן, ווירקלעכן און אויספאַנטאַזירטן, נישט דאַיִקן און אויסגע-

בענקטן, באַגערטן און ניט מעגלעכן, וואָס איז ניט צו דערגרייכן. אײ־
נעם דראַמאַטישן קאָנפליקט און גערענגל, וואָס איז אַ וויכטיקער באַ־
שטאַנדטייל פון דער באַלאַדע, אַפילו אין דער לירישער און אײ־
דילישער, געפינט זי אָפט מאָל... אַן אויסלייזערישן אויסוועג פון
אַ לאַגע אָן אַן אַרויסגאַנג פון דער פאַרמישפּטקייט. אין גרעסטן
טייל ענדיקט זי זיך טראַגיש אין איר אויסזיכטלאָזער ראַנגלע־
ניש מיט דער באַשטימטקייט". דאָס שרײַבט קנאַפּהײס אין דער
פאָררעדע מיט דרײַסיק יאָר שפּעטער נאָך דער „באַלאַדע פון אַ
קראָ, אַ פלעדערמויז". אָבער מערקווירדיק, שוין אין די גאָר ער־
שטע זײַנע פּרוּוון פון באַלאַדישער שאַפונג וועבט ער אַדורך זײַ־
נע פערזן מיט די שטאָפן פון אמתער באַלאַדן־פּאָעזיע. אין דער
דאָזיקער באַלאַדע פילט איר די אויפריכטיקייט און אָפנהאַרציקייט
מיט וועלכער אַלץ ווערט דערציילט און געמאָלן.

אין דער וועלט־ליטעראַטור זײַנען דאָ אַ סך באַלאַדעס פון
גרויסע דיכטער, באַלאַדעס וואָס זײַנען מײַסטערהאַפט געשפּינט
און געפּוצט, געשריבן מיט דער כוונה צו פאַראייביקן די אוראַלטע
פאָלקסטימלעכקייט און לעגענדאַרישקייט, די געשטאַלטן פון נאַ־
ציאָנאַלע העלדן און געשעענישן.

די באַלאַדעס בײַ יענע פּאָעטן געפינען זיך בשכנות פון הונ־
דערטער אַנדערע לידער פון אַלערליי סאָרטן. בײַ מ. קנאַפּהייסן
האָבן מיר צו טאָן מיט אַ גאַנצן בוך פון באַלאַדעס — געשריבן
צוגעקליבן און פאַראייניקט דורך איין איינציקער טעמע: **מײַן
חרובע וועלט**. דאָס בוך (222 ז"ז) נעמט אַרום דעם צײַט־אָפּשניט
פון דרײַסיק יאָר — 1938־1968.

די קלאַסישע באַלאַדע האָט באַקומען אין דעם בוך אַ נײַעם
איינגאַרטיקן לבוש. דער צענטער אין דעם בוך ליגט אינעם „וואָס",
נישט אין „ווי אַזוי". אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד צווישן
אמתער באַלאַדע אין איר קלאַסישער פאָרעם — און אַ באַלאַדע־
סקער פּאָעמע? מ. קנאַפּהייס קאָמענטירט און פאַרטײַטשט דעם
דיכטערישן דרך זײַנעם מיט די ווערטער (אין דער דערמאָנטער
פאָררעדע):

„מיט דער צײַט, ווען ס'פאָלק האָט אַליין דורכגעמאַכט אויפ־

טרייסלענדיקע געשעענישן, ווי מילחמהס, רעוואָלוציעס, שחיטהס און פּאָגראָמען, האָט דאָס אָרט פונעם פאָלקלאָר פאַרנומען דער פאַקטן־שטאָף פון די נײַע העראָישע מעשים פונעם פאָלק, פונעם פאָלק־העלד, וואָס זיינען אויף זײַנע אייגענע אויגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטיקער לעבעדיקע לעגענדע, און דער קינסטלער האָט שוין פון דעם געהאַט אויסצוקלײַבן זײַנע באַלאַדעסקע געזאַנגען און וואָרט־מאָנומענטן — באַלאַדעס געווידמעט פונעם לעבן גופא. די באַלאַדע און פּאָעמע — דריקן אויס אויפן פייערלעכסטן אופן דעם גרינטלעכן מהות פונעם יידישן אומקום, פונעם צער און וויי, געוויין און געקלאַג, אבלות און אומענדלעכן, אַנברעגיקן טרויער פונעם פאַרפּײַניקטן און פונעם פאַראַבלטן פאָלק. אָט די פייערלעכע פּאָעטישע רעם איז געאייגנט דער יידישער פאָלקסטראַגיק"...

דאָס איז די באַזע, אויף וועלכער מ. קנאַפּהייסעס באַנד באַלאַדעס איז אויפגעבויט. מײַן חרובע היים, ערב שטורעם, נאָכן שטורעם, מיטל־אַזיע — דאָס זיינען די מײַלשטיינער פונעם גאַנצן בוך. דאָס איז דער פאַקטן־שטאָף פון מ. קנאַפּהייסעס פּאָעזיע. באַלאַדע — איז דאָ נאָר דער אַלגעמיינער טאָן, די שטימונג, די פאָרעם. ער פילט זיך נישט געענגט, געפּענטעט, ער רײַסט זיך אַרויס פרײַ, געדענקענדיק אַז דער עיקר איז דאָ צו ברענגען צום אויסדרוק דעם „גרינטלעכן מהות פונעם יידישן אומקום".

עס איז אַ געוואַגטע פּאָעטישע קאָנצעפּציע, עס איז כמעט אַן איבערקערעניש־אַקט אין דער מלוכה פון באַלאַדע. אָראָפּגעריסן פון איר דעם טראַדיציאָנעלן טראַכט און גלאַנץ, ווערט זי פאַרהײַנטיקט. דער נײַער אינהאַלט ברענגט אַרײַן נײַעם סטיל, נײַע שפּראַך און ריטעם. ווערט נישט קומען צו אַן אינערלעכן אויפרײַס? וועט זיך דעם דיכטער אײַנגעבן אָנצוהאַלטן האַרמאָניע און פרידן צווישן דעם אינהאַלט און דער פאָרעם? וועלן די לידער פון שווידער און אומקום אויסזען עסטעטיש, שיין? שיינקייט אין גיהנום וואָס די נאַציס האָבן אויפגעשטעלט אויף די חורבות פון יידישן לעבן אין אַמאָליקן פּוילן? מיר מוזן מיט אַ סך געדולד און פאָרזיכט צוגיין צו דער אָפּשאַצונג פון מ. קנאַפּהייסעס באַלאַדעס.

# יידישע שרייבער־פליטים אין לאָדזש
## צוריקגעקומענע מיט דער רעפּאַטריאַציע פון ראַטנפאַרבאַנד 1946



פון לינקס אויף רעכטס: משה קנאַפּהייס (אַרגענטינע), משה גראָסמאַן (געשטאָרבן אין ישראל) חיים גראַדע (פאַר' שטאַטן), משה וואַלדמאַן (פראַנקרייך)

# אין געווירבל פון קריג, חורבן, פליטים



ער „אייגענער" זעלבשטענדיקער באַלאַדישער דרך, וועלכן מיר האָבן אויבן כאַראַקטעריזירט, האָט זיך ביי קנאַפּהייסן אויסגעקריסטאַליזירט במשך פון אַ לענגערן פּעריאָד. זיינע באַלאַדעס וואָס זיינען געשריבן אין די יאָרן פאַרן וועלטקריג, זיינען נישט גענוג רייף פאַר באַלאַדע-פאָרעם. ערשט שפּעטער, ווען דער דיכטער נעמט אַריין אין זיין פּאָעטישער סיסטעם די טעמעס מלחמה, חורבן, פּליטים, חרובע היים קומט אַלץ מער פאַרפולקאָמונג אין זיין מעטאָד פון דיכטן און זיין נייער שאַפונג-ליניע.

די „באַלאַדע פון ייד מיט די פאַלשע בריליאַנטן" איז מעשה-אַרטיק. די דריי העלדן — דער רוס — אַ קאַצאַפּ, דער יעקע — דייטש — זיינען כמעט פעליעטאָניסטיש, די טעמע חלום און אוצר ראַטעווען נישט די סיטואַציע. עס איז געשריבן אין 1936, דער פּאָעט האָט נאָך נישט געהאַט געפונען דעם וועג פאַר באַלאַדע. אויך די „באַלאַדע פון קיניג וואָס האָט אומגעבראַכט אַלע זיינע גענעראַלן" (געשריבן שפּעטער מיט דריי יאָר), האָט די זעלבע חסרונות. עס איז נישט קיין באַלאַדע-געזאַנג. עס איז מסתמא אַ סאַטירישער משל וועגן סטאַלינען, וואָס „מיטן אייגענעם שאָטן ער שרעקט זיך צו זיין". ער הרגעט אויס זיינע אַלע גענעראַלן.

> איי, שפּעטער, אין קריג וועט מען דאַרפן זיי אַלע...
> דאָס לעבן פון קיניג איז בילכער פון אַלע גענעראַלן...
> נאָר דער קיניג שמייכלט אין די וואָנסעס אַריין
> און רייבט זיך פאַר נחת די בלוט-רויטע הענט...

פּראָזאַיש איז אויך די „באַלאַדע פון פּרינץ פון די שלעפּערס" (1936). עס פעלט איר קינסטלערישע קאָנצענטרירטקייט, זיכערקייט, אויסגעהאַלטנקייט. די שפּראַך ווייכט אָפּ אָפט פון באַלאַדישן כאַראַקטער. אַזעלכע אויסדרוקן ווי „מיט כלערליי פּאַרטלען און טריק", „אַ פולע גאָרדעראָבע" וואָס גראַמט זיך מיט „הערן און דאַמעלעך גראָבע" — קלינגען פּראָזע-מאָסיק.

די „באַלאַדע פון דער פּשעקופּקע מיטן קיישל גרינס" (1939) איז אַ פײַנע פֿאַבל, מיט קלוגער פּערזאָניפיקאַציע פון די מייערן, פּעטרושקעס, אוגערקעס, ציבל. רעאַליסטיש איז די באַשרײַבונג פון די פּשעקופּקעס, זייער שפּראַך און האַנדל. די זאַצן זיינען לאַ:גע, און איין סטאַנציע לויפט אַריבער אין אַ צווייטער, אַפילו אין אַ דריטער. די שיינע פאַבל האָט הומאָר, די נאַראַציע איז לעבעדיק, אָבער באַלאַדישער סטיל איז עס נישט.

פון גאָר אַן אַנדער פאַרנעם זיינען יע:נע באַלאַדעס וואָס זיי־נען געשריבן אויף דער טעמע פון מלחמה און וואָס דערציילן איר פאַרלויף און די איבערלעבונגען פונעם יונגן וואַ:נדערער אין די ער־שטע חדשים פון קריג. (אַלע באַצייכנט מיט די דאַטעס סעפּטעמ־בער 1939 און שפּעטער 1940). אין דער „באַלאַדע פון גייער אויף די וועגן פון קריג" גיט מ. ק:אַפּהיים בילדער פון חורבן: ער שפּאַנט אין שטומען גאַנג פון טויט, עס וואַלגערן זיך אַרום אויף אַלע וועגן הרוגים פון דײַטשע לופטפליִערס. זיין איינציקער פאַרמעגן און זײַן טרייסט איז זײַן ליד וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך:

קוים וועט אויך דאָ מײַן דאַרער גוף
אין וואַנדערוועג פאַרפאַלן ווערן, —
פאַרנעמט, איר הימלען הויך, מײַן רוף,
און זאַלן אויך די שטערן הערן,
צו קאָנען שפּעטער אין מײַן שטוב
דעם סוד פון טויט דער מאַמען זאָגן,
אַז כ׳ליג ווו אין אַ מאַסן־גרוב,
און ס׳ליד מײַנס וועט מיך שוין באַקלאָגן.

ער איז אַוועק פון וואַרשע, ווײַל זײַן נאָמען איז די דײַטשע אָקופּאַנטן באַקאַנט: ער האָט יענע יאָרן גערופן צום קאַמף קעגן די נאַצים, צום באַיקאָט „פון לאַנד פון טמאן", אַ קויל איז פאַר אים געווען גרייט. נאָך וואַרשע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין ביאַליסטאָק וואָס איז שוין געווען אין רשות פון דער רויטער אַר־מיי, ער ווייסט, אַז ער וועט שוין זײַן מאַמען, זײַן שטוב אין וואַר־שע — מער ניט זען.

מיט קינסטלערישן אמת אָטעמט די „באַלאַדע פון פאַרבלו־

טיקטן היטל". געשריבן אין אמפיבראַכן, אין פיר־שורהדיקע סטאַנ־צן, איז עס אַ געשיכטע פון אַ היטל וואָס ער האָט לויפנדיק אונ־טערן האָגל פון דײַטשע עראָפּלאַנען געפונען —

**בײַם וועג ס'איז געלעגן, אין פעלד,**
**דאָס היטל מיט שפורן פון בלוט.**
**מײַן היטל פאַרלוירן איך האָב**
**ווען ס'האָט אונדז געטריבן די שרעק.**
**מ'האָט דעמאָלט אַפילו דעם קאָפּ**
**געקאָנט איבערלאָזן אין וועג.**

אזוי לייענט זיך כסדר די טרויעריקע עפּאָפּייע פון פאַרבלו־טיקטן היטל. דעם דיכטער איז באַשערט געווען צו געפינען די טרויעריקע מציאה און אָנטאָן אויף זיך, „כאָטש ס'איז נישט געווי אויף מײַן מאָס". זיי זיינען ביידע געלעגן אין אַ שיסגרוב (אָקאָפּ), אָבער יענער האָט זיך געכאַפּט אַז זײַן היטל איז פאַרלוירן, איז אַרוים פון אָקאָפּ אויף אַ ווײַלע און דאָ באַצאָלט מיט זײַן לעבן. דאָס איז עס — אַ באַלאַדע געבויט אויף אמתדיקן פאַקטן־שטאָף. דער דיכטער איז זייער געהיט, אַז דער שטאָף פון דער „טעמע" זאָל נישט ווערן אַלץ אין זײַן ליד, און ער פירט אַרײַן פאַנטאַס־טיק („איך בין ער") און גלײַכצײַטיק ליריק, עלעגיע. עסטעטיק — „מיטן טויט געאַרעמט".

* * *

די צווייטע אָפּטיילונג פון בוך הייסט „באַלאַדעס פון מיטל־אַזיע". ווי עס איז צו זען פון דעם טיטל, איז דער אינהאַלט אַ רעאַליסטישער, באַשרײַבערישער. די קרבנות פון דער מלחמה האָבן זיך דערשלאָגן צו מיטל־אַזיע, סאַמאַרקאַנד, אוזבעקיסטאַן, קאַזאַכסטאַן. געלאָזט אין דער היים משפחות, נישט געאַנט עס זאָל זיי דראָען סכנות. אַרום — די נאַטור אויסערגעוויינטלעך שיין, אָבער זיי, די פּליטים פון פוילן, וואַלגערן זיך אויף ראַגאָזשעס זעק, פאַר זיי גראַמט זיך פוילן — מיט פוילן. דער דיכטער באַשווערט זײַן ליד —

**איך אַש ס'זאָל נישט אויפהערן גליִען**

אוּן לײַכטן, זוי אין אוניווערס
די שטערן, אין אייביקן קיום.
כ׳וועל טוּבלען די טריט, ווי באַשערט,
אין שטויב, צווישן בראָכוואַרג אוּן ציגל.
אוּן איצט, האַלבע נאַכט מיט מײַן טרער
די טרויער־באַלאַדע כ׳פאַרזיגל.

ס׳איז גענוג געשריבן געוואָרן וועגן די לײַדן פון די פּליטים. אָבער מ. קנאַפּהיים דערציילט וועגן דעם און מאָלט עס מיט דיכטערישן פּענדזל, פון אייגענער דערפאַרונג, אַזוי צו זאָגן, — ער שרײַבט מיט בלוט פון זײַן האַרצן. צוזאַמען מיט אַנדערע קרבנות, שטייט ער אין דער לאַנגער ריי בײַ דער קיך פון גרויסן וואָקזאַל און באַקומט דאָס קענדעלע וואַסער־זופּ. נאָכן לאַנגוואָכיקן שלעפּן זיך מיט די פראַכט־עשאַלאָנען, געטויילט זײַן געלעגער „מיט גופים פאַרלײַזיקט — צעקראַצט און צעשיילט״, — פילט ער זיך איצט ווי אַ פרינץ. אין לאַנגן אויסמאַטערנדיקן וועג האָט ער שוין פאַרגעסן זײַן נאָמען ווי ער הייסט, איצט איז ער צוריק מענטש.

דאָס שיסעלע וואַרעמט, די וואַרעמקייט דרינגט
אַרײַן אין די ביינער מיט איטלעכן שלונג.

אָבער מיט אַ מאָל דערזעט ער, אַ סטײַע הינט האָט אים אַרומגערינגלט און קוקט ווי ער עסט.

איך פיל ווי עס שטיקט מיר דער ביסן אין מויל — —
וואָס פאַרא מחותן מיט מיר איז דער הונט?
איך כאַפּ דאָן מײַן שטעקן, פאַרטרײַב זיי מיט קלעפּ...
קיין הונט זאָל נישט קוקן ווי הינטיש איך לעב.

קאַזאַכסטאַן. דאָס פרימיטיווע פאָלק שלעפּט מען צו דעם מלחמה־פראָנט. זיי הייבן ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס האָט די מלחמה צו טאָן מיט זיי, מיט זייערע יונגע זין. פון אָט די אַלע „פאַקטן״ וואָס זיינען אָנגעהויפט אין דעם אָפּטייל, שײַנט אַרויס ווי אָן עכטער באַלאַדישער פערל „די באַלאַדע פונעם קאַזאַכישן מיידל מיטן קיישל בלומען״.

דער פּאָן פון דער פּאָעמע זיינען די פּראָזאַישע מלחמה-טראַ־גיזמען, אָבער איר נשמה איז באַלאַדישער טרויער און פּאַטאַליזם.

ס'קאַזאַכישע מיידל ברענגט בלומען
אין קיישל — אין גאַס צו פאַרקויפן,
זי שטייט און זי וואַרט אַז ס'זאָל קומען
איר חתן אַהיים אָנצולויפן.

דאָס קאַזאַכישע מיידל מיט אירע טיף-גרינע אויגן טרוימט נישט אַנדערש, אַז איר חתן וועט קומען ווי אַ גרויסער העלדישער ריטער, באַדעקט מיט מעדאַלן. איר בליק איז פול „מיט בענקשאַפט-שגעון". אָבער פּלוצלונג געשעט דאָס נישט-דערוואַרטעטע. עס הינקט איך אַנטקעגן אַ קריג-אינוואַליד אויף פּראָטעזן, ער פּאַכעט צו איר מיט זיין קוליע. „דערקענסט נישט?"... שרייט אויס צו איר דער קריפּל, ער גלייבט אַליין נישט אין זיינע ווערטער, ער שטעלט זיך אַנדערש נישט פאָר — ווי קען זי אים נישט דערקענען? ווי קען זי זיך נישט פרייען מיט זיין אומקערן זיך אַהיים צוריק? אָבער דאָ קומט דער פינאַל. מיר דערזעען און מיר פאַרשטייען דאָס גרויע פּרימיטיווע מיידל פון פאַרוואָרפענעם קאַזאַכישן דאָרף צווישן די שנייבערג. איר אידיליע, איר בענקשאַפט, איר חלום אויף דער וואָר — פּלאַצט.

דיין חתן... איך קום פון די פראָנטן...
אַ העלד... זיך געשלאָגן פאַר זיבן...
— ווו האָסטו די פיס? — זי דערמאָנט אים.
— די פיס?.. אויפן שלאַכטפעלד געבליבן...
זי וואַרפט אים אין פּנים די בלומען
געבראַכטע, אין גאַס צום פאַרקויפן —
און גלייך ווי פאַרכאַפּט פון אַ שטורעם
אַראָפּ צו די בערג נעמט זי לויפן.

(1943, אַלמאַ אַטאַ).

דאָס פּרימיטיווע געפיל פון קאַזאַכישן מיידל איז אויסגעוואַקסן צו אַן אמתער גרויסער טראַגעדיע. דער „פּאַקטן-שטאָף" שטייגט איבער אַלע פאַנטאַזיעס און מיסטישקייטן פון דער „קלאַסישער" באַלאַדע. מיט גע־

צווימטקייט און צימצום, מיט וווּנדערלעכן ריטעם איז געמאָלן די פּאַנאָראַמע פון די בערג און דאָס מיידל צווישן זיי, איר יונג־פּרווי־לעכע פּסיכאָלאָגיע, איר אומגלויבלעך שווידערלעכע אַנטווישונג, וואָס זי האָט אַזאַ זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, און צום סוף — איר סטיכישע עקספּלאָזיע. זי אַנטלויפט אַראָפּ צו די בערג... ווו וועט זי זיך אַהינטאָן? וואָס וועט זי טאָן מיט זיך? וועט זי זיך קע־נען באַפרייַען פון די פאַרסמטע פייַלן וואָס האָבן איר געטראָפן אין האַרצן?

עס איז די טראַגישע שפּיל פון גורל, פון דער באַשערטקייט, פון דערוואַרטן און פאַרלירן, פון האָפענונג און אַנטווישונג. אַזוי שאַפט די באַלאַדע. דאָס איז איר ניגון. דאָס איז איר עובדה און פּאָעטישער חן. די טראַגעדיע פון יונגן פּרימיטיוון קאַזאַכישן מיידל ווערט דער סימבאָל פון דער גרויסער וועלט־קאַטאַסטראָפע.

אויך די באַלאַדע פון „דרייַ געפאַנגענע ייִדישע זעלנערס, דער שטאַב־דייַטש און זייַן סוף" איז באַזירט אויף פאַקטן־שטאָף פון דער נאַציסטישער מלחמה. נישט וועגן אַ כישופמאַכערין וואָס פאַרנאַרט אירע קרבנות, ניט וועגן גזלנים אין פינצטערן וואַלד, ניט וועגן קיניג און זייַנע ריטער־העלדן, דערציילט די באַלאַדע, נאָר וועגן אַ „פּראָזאַישן" עפּיזאָד פון דער לעצטער מלחמה. יונגע ייִדישע זעלנער־פּאַרטיזאַנען. דער ביטערער דייַטשער שונא איז זיי אומ־געריכט באַפאַלן פון אַ זייַט. זיי קעמפן מוטיק, שלײַדערן פייַער־גראַנאַטן אין דייַטשן געזעמל, „אַ הייב און אַ פאַל און — עך, ייִנג־לעך מיר זע־מיר"... סוף־כל־סוף איז דער ייִדישער ווידערשטאַנד געבראָכן, דרייַ ייִדישע זעלנערס זייַנען געפאַנגען. דער שטאַב־דייַטש וויל פון זיי אַרויסבאַקומען געהיימע ידיעות וועגן זייער שטאַב און דיוויזיע.

**עס שווייַגן די ייִדישע זעלנערס פאַרביסן,**
**זיי שטייען פאַרשטיינערט מיט בליקן פאַרריסן.**

מע גרייט שוין פאַר זיי אַ שייַטער צום פאַרברענען זיי לעבע־דיקערהייט. אָבער אומגעריכט קומט די אויסלייזונג — עס באַ־ווייַזן זיך אין שניי־שטורעם די „ווייַסע באַלאַטן", מיט מוט און

קראַפּט באַפאַלן זיי דעם דײַטשן שטאַב, נעמען צו אַלע זײַנע דאָ־קומענטן, דער שטאַב־דײַטש ליגט אַ טויטער.

**וואָלט עמעץ געריכט זיך? צי וואָלט מען עס גלויבן?**
**דרײַ ייִדישע יונגען — צוריק ווי די לייבן — — —**
**זיי לאָזן אַ צעטל: „מיר וועלן נאָך קומען —**
**די ווײַסע כאַלאַטן, די האַנט פון נקמה" — — —**
**ס'ווערט שטאַרקער די ווייגע, די שניי־זאַווערוכע,**
**דער טייל טראָגט זיך פאָרויס ווי לייבן, ווי רוחות —**
**אויף ערדן פאַרפרוירענע איבער הרוגים**
**דורך ווינטער־נאַכט, שניי־שטורעם, חושך און ווייגע.**

אָן אויסגעשרייען און באַרימערײַען. נאָמענלאָזע העלדן. אַזוי באַזינגט די באַלאַדע די טאַטן פון דרײַ ייִדישע ייִנגלעך. דאָס מאָל איז דער באַלאַדע באַשערט אַ גליקלעכע ענד. דער זיג פון די גע־רעכטע, מוטיקע, פאָלקס־געטרײַע העלדן. נישט קיין מלחמה־פּאַטריאָ־טיק, נאָר אַ שטילע באַלאַדישע מעלאָדיע.

צווישן די יונגע פּליטים, הגם גײַסטיק און פיזיש צעבראָכענע, האָבן זיך געפונען אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך געריסן צום קאַמף קעגן די נאַציס — אָט אַזוי ווי די דרײַ פּאַרטיזאַנען וואָס מיר האָבן אָקאָרשט דערציילט וועגן זיי. אַזעלכע שטילע העלדן זײַנען אויך געווען צווישן די פרויען. די ייִנגלעך רײַסן זיך אויפן פראָנט, זיי פאַרשטייען אַז

**די אמתע וואָר איז דאָס שלאַכטפעלד און דאָרט,**
**דאָרט זיינע זיי נויטיק, ס'איז דאָרט זייער אָרט...**

זיי לאָזן איבער אַ פרוי און קינד, און באַקומען זייער ברכה בײַם האַרציק געזעגענען זיך:

**אויב כ'וועל נישט קומען מער צוריק צו דיר, צו קײַנעם, —**
**געפאַלן כ'בין ווי ס'קער מיט אַ טויט אַ שיינעם...**

„די באַלאַדע פון די נייטערינס די דרײַ" דערציילט ווי די ביע־זשענקעס־מיידלעך זיצן גאַנצענע נעכט בײַ די ניי־מאַשינען און שטעפּן

העמדער, זעלנערישע שינעלן, וועש — פאר דעם ניי-ארטעל. באלד שיקט מען אלץ אפ אויף די פראנטן. זיי „גייען איין די נקמה אין שינעלן-שטוים". גאנצע נעכט הערט מען פון זייער שטוב

א געזאנג פארצויגן עמעץ
האט דא אינעם בלענד:
די דריי נייטעריגס פון פרץ...
כ'האב זיי גלייך דערקענט —
מיידלעך ייִדישע פון פוילן,
נייטעריגס די דריי, —
פאר די מארדן, פייַן און גרוילן
צאלן אפ געטריי.

מיט חן און אינטימקייט זיינען אנגעפילט אט די פאעמעס באלאדעס וועגן די ייִדישע פליטים אין הינטערלאנד אין סאמארקאנד. זיי גייען אונטער פון הונגער, פון בלייבן אן א היים, אן א דאך איבערן קאפ, פון בענקשאפט נאך דער אלטער היים. דער דיכטער האט זיי אלעמען אריינגענומען אין זיין באלאדע, עס איז א ווירדיקע באהעלטעניש פאר זיי. מיט ליבע און הארציקייט ווערן דא זייערע גופים און נשמות געווארעמט.

די דריטע אפטיילונג פון בוך — דאס זיינען די „באלאדעס פון נאכן שטורעם". זיי זיינען געשריבן אין 1946, 1947 — אין לאדזש, ווארשע. דער דיכטער שטייט ווידער פארן הויז פון זיין טאטע-מאמע. ער דערקענט די ווענט, דעם טיש, א פוסטקייט באגעגנט אים, ניטא קיינער. „איין ייִד, כאטש נאך איין ייִד!".

אין דער אפטיילונג קומען אריין אויך לידער וואס זיינען געשריבן אין פאריז אין 1951. דער דיכטער — אין נייעם וואנדער. שארית הפליטים אויפן ייִדישן פלעצל. „איבערגעפלאנצט ווי אין א חלום". זיי האבן מיט ניסים אויסגעהאלטן דעם בלוטיקן שטורעם וואס איז אדורך איבער פוילן און רוסלאנד. איז עס בלויז א סטאנציע אויף א ווייל?

ס'קאן ווידער א שפיל טאן דער וויכער
און מיך לאזן צוריק אין אבלות...

דער דיכטער איראָניזירט איבער די „ליטווישע יידן" וואָס האָבן זיך דאָ אין פּאַריז נאָך פון פריערדיקע יאָרן איינגעאָרדנט. פאַרשטעלטע יידן־פּראָנצויזן. קיין יידיש בוך, קיין יידיש ליד קומט נישט אַריין אין זייער שטוב. זיי דאַרפן דאָס נישט, דאָס טרויעריקע יידישע ליד צעשטערט זייער רו, זייער „גליקלעך" צייט־פאַרטרייב.

**דאָס היימלאָזע יידישע ליד**
**בלאָנדזשעט איבער פּאַריז.**
**יעדער ליטווישער ייד**
**די טיר פאַר אים פאַרשליסט.**

דער דיכטער טראָגט זיך אַריבער צו אַ נייַ לאַנד — אַרגענטינע, בראַזיל. אויך ביי די דאָרטיקע יידן — דער זעלבער לאַנגווייל, דאָס זעלבע דינען „דעם אָפּגאָט, ס'גאָלדן קאַלב". די לידער וועגן פּאַריז, בוענאָס־איירעס זיינען סאַטיריש־ביטער.

שפּעטער מיט אַ צענדליק יאָרן, געפינענדיק זיך אינעם נייַעם לאַנד, קערט זיך דער דיכטער אום צוריק, צו דער אַלטער בלוטיקער טעמע, אַזוי ווי דאָס גאַנצע בוך, דעם נאָמען „באַלאַדעס פון מיין חרובער היים". איז די לעצטע, סך־הכלדיקע אָפּטיילונג — די שטאַרקסטע, די טראַגישסטע, אויפשטורעמדיקע? צום באַדויערן איז פון די דרייַצן באַלאַדעס אין דער לעצטער אָפּטיילונג אַ היפּשע צאָל — פּובליציסטיש. נאָר עטלעכע פון זיי צייכענען זיך אויס מיט איפּריכטיקן פּאַטאָס און מיט באַלאַדישער פּראַכט.

די אַרומיקע שיינע גאַסן און רייַכע יידן מאַכן דעם דיכטער נישט צו פאַרגעסן דאָס אַמאָליקע וואַרשע, די וואַרשעווער געטאָ. אַפילו די פאָר קאַשטאַן־ביימער אין געטאָ קען ער נישט פאַרגעסן, זיי זיינען דאָך געווען עדות פון אַלץ וואָס די דייטשן האָבן דאָ אָפּגעטאָן, ער שיקט זיי דעם פאָרוואורף. —

**און איר זענט געמיטלעך געשטאַנען,**
**ווי איצטער געבליט און געגרינט,**
**דעם חלום פון וואַקסן געשפּינט,**
**איר וואָס האָט זייער לשון פאַרשטאַנען,**

**איר האָט דאָך באַדאַרפן פאַרוויאַנען**
**און איינטריקענען ביזן גרונט.**

עס קומען אויף אין אים די בילדער פון אַמאָל. „דאָס קלאָג-ליד פון מײַן טאַטן אויפן גענשער בית-עולם" באַלאַנגט נישט אייגנטלעך צו דער סעריע, — עס איז געשריבן אין פּאַריז אין 1947. דאָס לעבן פונעם דיכטער און זײַן משפּחה, זייער אומקום, דער טראַגישער טויט פונעם פאָטער יונגערהייט, — דער גאַנצער שטאָף איז אָנגעפּילט מיט טראַגיק, פאַרצווייפלונג. גיסן זיך מאַקע די סטראָפעס פון דעם לאַנגן קלאָג-ליד ווי אַ תּפילה, ווי קינות, ווי שטילע טרערן וואָס געפינען נישט קיין טרייסט. פאַרענדיקט זיך דאָס קלאָג-ליד מיט די צוועלף-טראַפיקע שורות:

**כ'שטיי פאַרלאָזט פון דער גאַנצער משפּחה קדושים,**
**און פון גענשער בית-עולם, דערטראָגט זיך דאָס רוישן**
**פון די ביימער-אַלייען און קברים-אַלייען,**
**און פון טאַטנס געוויין — כ'קאָרטשע אײַן זיך אין דרײַען,**
**כ'בין דער דור אויפן שיידוועג פון צווייערליי וועלטן,**
**ווער ס'וועט וועלן מיך בענטשן, און ווער — מיך פאַרשעלטן.**

די „באַלאַדע פון וואַרשעווער געטאָ-קינד" דערציילט וועגן אַ פראַכט-וואַגאָן וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט יונג און אַלט און קינדער. דער טויט-טראַנספּאָרט פירט זיי קיין טרעבלינקע, צום אומקום. צווישן דעם עולם — אַ יונגער מענטש וואָס האָט געקעמפט קעגן די דײַטשן אין געטאָ-אויפשטאַנד. ער, זײַן פרוי און זײַן יינגעלע. דער געטאָ-העלד ברעכט אויף די קראַטעס פון וואַגאָן און רופט אַלעמען צו שפּרונגען, זיך ראַטעווען. די מאַמע פאַרפּאַקט דאָס יינגעלע אין אַ טשעמעדאַן וועלכן זיי וואַרפן אַרויס דורכן אויפגעבראָכענעם פענצטער. אָבער זי איז פיזיש נישט בכוח צו מאַכן דעם שפּרונג צום לעבן אָדער טויט. זי פאַדערט, דער מאַן זאָל אַליין שפּרינגען, ראַטעווען דאָס קינד און זיך אַליין. דאָס יינגל ווערט טאַקע געראַטעוועט דורך אַן אַלטן קריסט, און ער באַקומט דעם נאָמען משה טשעמאָדאַן. די באַלאַדע איז אַ גרויס ווערק — אין קוואַליטעט און אויך לויט דער צאָל שורות. ניט געקוקט אויף

דער טראַגישער טעמע, איז די באַלאַדע נישט סענטימענטאַל. די טראַגיק איז אויסגעהאַלטן אין יעדער שורה. טראַגיק פון טאַטע-מאַמע — דער סימבאָל פון אַ פאָלק וואָס איז אומגעקומען „אָן זין, אָן טאָלק" און איז צעריבן געוואָרן און צעשטויבט געוואָרן אויף אַש. און דער דיכטער פאַרענדיקט וועגן דעם יינגל אַזוי:

> און אויב, ווער ווייס, זיין טאַטע לעבט...
> און האָט פון בענקשאַפט נישט קיין רו, —
> וועט אפשר אים אַמאָל דער ווינט
> פאַרטראָגן אָט דאָס ליד פון קינד,
> און ער, דער טאַטע וועט דערגיין:
> ר'איז מער נישט אויף דער וועלט אַליין,
> זיין שטאַם איז דאָ! זיין קינד איז דאָ!

משה טשעמאָדאַן איז אַ באַלאַדע פון אַ געטאָ-קינד, פון אַ געטאָ-פאָלק. אַ באַלאַדע פון טויט און האָפענונג און טרייסט. די פערזן רופן צו מוט, צו גלויבן אין זיך און אין פאָלקס-גורל. אַ באַלאַדע וואָס איר אָטעם און שטילקייט דאַרף שוועבן אין יעדן קלאַס-צימער פון אַ יידיש-וועלטלעכער שול, — די באַלאַדע איז ווי געבוירן פאַר כאָר-דעקלאַמאַציע און קינסטלערישער מאַסן-רעציטאַציע. איר שפּראַך איז אָן אַ פּגם, פאָלקסטימלעך אָבער הויך ליטעראַריש. דאָ האָבן מיר נישט קיין איין פאַל, ווען די פערזן „רינען אַריבער" פון איין שורה אין אַ צווייטער און אַפילו אין אַ דריטער. דאָ איז יעדע שורה אַ גאַנצקייט, פעסטקייט, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט אַ סך זעלבסט-חשיבות.





איציק מאַנגער (רעכטס) און משה קנאַפּהייס אין 1947 אויף די
חורבות אין וואַרשע ביים אָפּהילן דעם דענקמאָל פון די קדושים
און העלדן פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

# קנאַפּהיים אַזוי ווי ער איז



• קנאַפּהיים פֿאַרמאָגט אַ רײַכע טעמאַטיק און פֿילזײַטיקע זשאַנערן. זײַן שפּראַך, זײַן וואַרשעווער לשון איז זאַפּטיק. זײַן גראַם, זײַן פֿערז איז לײַכט, בייגעוודיק. ער שטעקט אין צוויי וועלטן — פֿון הײַנט און נעכטן. אין תּוך איז ער אַ גלויביקער, אָפּטימיסטישער. ער איז באַהערשט פֿון זײַנע זכרונות און אַסאָציאַציעס, פֿון זײַנע געדאַנקען און אימפּולסן. זײַן אויג איז אָפֿן פֿאַר יעדן בילד, זײַן אויער — פֿאַר יעדן קלאַנג. ער איז אָפֿט נאַיִוו ביז גאָר און קאָן ניט אָפּשטעלן דעם לויף פֿון זײַנע רייד. דאָך געווינט ער דעם לייענער מיט זײַן אויפֿריכטיקן טאָן און האַרציקייט.

ער האָט זײַן אייגענעם פֿאָלקסטימלעכן סטיל. זײַנע חסרונות און זײַנע מעלות זיינען זײַן אייגנס, אָן נאָכמאַכערײַ. אַזוי איז ער געווען בײַם סאַמע אָנהייב פֿון זײַן ליטעראַרישן וועג, מאָלנדיק וואַרשעווער פֿאַרשטאָט „מקום״, אַזוי אויך אין די שפּעטערדיקע פּעריאָדן פֿון זײַן שאַפֿן. ער פֿאַלט אַמאָל אַרײַן אין ליריש-פֿילאָסאָפֿישע באַטראַכטונגען. ער באַנוצט די טעכניק פֿון קאָנטראַסטן, און ניצט זיי אויס מיט הומאָר. דער לייענער פֿילט צו אים דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג פֿאַר זײַנע שיינע פֿערזן און גראַמען, פֿאַר זײַן לײַכטער מוזיקאַלישקייט, פֿאַר זײַן אוממיטלבאַרקייט, און גוטברודערשאַפֿט, פֿאַר זײַן אויפֿריכטיקן פּאַטאָס און התפּעלות.

אין אַ גרויסער מאָס דערמאָנט מ. קנאַפּהיים — ז. סעגאַלאָוויטשן. ער איז געווים זײַנער אַ יורש, ער פֿאַרמאָגט די זעלבע סענטימענטאַלקייט און אינטימקייט. אַזוי ווי סעגאַלאָוויטש ווענדט ער זיך דירעקט פּערזענלעך צום לייענער, צו זײַן לייענער, דערמאָנט אים דעם אַמאָליקן און הײַנטיקן ייִדישן לעבנשטייגער. ער רעדט צו אים מיטן היימישן לשון, מיט פֿאַרשפּרייטע אידיאָמען. ליריק

— און נאראציע, באשרייבונג, גייען האנט אין האנט. אויך זיין ריטם און די גראמען דערמאנען שטארק סעגאלאָוויטשעס סטיל אין זיינע לידער. אויך סעגאלאָוויטש האט ליב צו געבן א סיפור המע־שה אין זיין פאעמע, ער האלט זיך ביים נאראטיוון מעטאד. מ. קנאפהיים דערמאנט סעגאלאָוויטשן סיי אין אינהאלט סיי אין **לייכטער פארעם.**

וואס מיינט „לייכטקייט" אין א פאעטיש ווערק? „לייכטקייט" איז נישט קיין סימן פון קנאפער קוואליטעט. לייכטקייט פון פערזן איז א פועל־יוצא פון דיכטערס געמיט, שטימונג. לייכטקייט טרעפן מיר אפטער ביי יענע דיכטער וואס זייער שפראך איז מוטער־שפראך אין פשוטן זינען, וואס איז געבליבן פריש מאמע־לשון אויף אלע גייסטיקע וואנדערונגען. לייכטקייט איז א סימן פון דיכטערס קאנקרעטן, אנטי־אבסטראקטן ארט דענקען און באטראכטן די וועלט. **לייכטער דיכטער** — דאס מיינט נישט אז ער פארמאגט נישט קיין פאנטאזיע־קראפט, — נאר ער האלט די פאנטאזיע אין ראמען פון דיסציפלינירטקייט. ער פרעטענדירט נישט אויף שפראך־און ־בילדער־„אָריגינעלקייט". לייכטקייט פון ליד זארגט שטארק וועגן פריינדשאפט און ווארעמקייט פונעם לייענער. דער „לייכטער דיכטער" איז צוגענגלעך, פשטותדיק; דער „שווערער" פאעט איז מער זעלבסט־קאנצענטרירט, פארליבט אין זיך און אין זיין טאלאנט.

אזא איז מ. קנאפהיים: א לייכטער פאעט אין שפראך און פא־רעם, אבער נישט קיין לייכטער אין אינהאלט און טעמאטיק: פער־זענלעכע לײַדן און שטענדיק מיטן פאלק, אנטוישונג און ווידער־אויפלעבונג.






ראָמאַן אין צוויי טיילן, אַכט רינגען, צוויי בענד, ז״ז 288 און 387



דעלעגאַציע פון ליטעראַטן־פאַראיין אין טרויערצוג איבער די חורבע וואַרשעווער גאַסן 1947 צום אָפדעקן דעם דענקמאָל (פון סקולפטאָר יוסף ראַפּאָפּאָרט) פון די קעמפערס און מאַרטירערס; פון רעכטס: משה קנאַפּהייס, אפרים קאַגאַנאָווסקי, אַברהם זאַק, בער קוטנער, לייב אָליצקי

1



ורך דעם גאַנצן ראָמאַן גייט דורך די משפחה פון שיינ־דעלע דער בליאַכאַרקע. שיינדעלע שטאַמט פון אַ באַלעבאַטישער היים. די מאַמע שרה־גיטל האָט געפירט אַ וווּרשטן־געשעפט, וואָס איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ וואַרשע. דער פאָטער האָט געשטאַמט פון בעל־מלאכות, אָבער שרה־גיטל האָט געוואָלט ער זאָל בעסער צו־העלפן אין מסחר, ווערן דער געשעפט־פירער. „פון אַ העמערל און זעגעלע האָט מען ניט צו לייגן אין מעגעלע” — האָט זי איינגע־רעדט דעם מאַן. אָבער עס געשעעט אַן אומגליקלעכער צוזאַמענ־שטויס פון שרה־גיטל מיט דער פרוי פון אַ רוסישן גענעראַל (פאַרן ערשטן וועלטקריג). שרה־גיטלען זעצט מען אַריין אין תפיסה, צו אַלצדינג איז שרה־גיטל געווען אַ גרויסער בריה, אָבער דעם צאַרישן רעזשים מיט זיין אַנטיסעמיטיזם האָט זי ניט געקענט ביי־קומען, קעגן דער צאַרישער יוסטיץ האָט זי גאָרניט געקענט אויפטאָן.

דער מאַן הארשל בלייבט אָן פרנסה, אַלץ איז חרוב, מע מוז ליקווידירן די שיינע דירה אויף דער קראָכמאַלנע גאַס, נעמט ער איבער אַ קעלערשטוב אויף קאָזלע געסל מיט אַ בלעכער־וואַרשטאַט, און ער פאַסט זיך צו צום נייעם איינזאַמען לעבן. שיינדעלע די טאָכטער זייערע, וואָס האָט לעצטנס געאַרבעט אין אַ קנעפּל־פאַ־בריק, האָט חתונה מיט אַ יאַטקע־מענטש, פייוויש, פון וועלכן זי איז קוים פטור געוואָרן ווען ער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער צאַרישער אַרמיי, אָנפאַנג מלחמה 1914, שיינדעלע הייבט אָן העל־פן דעם טאַטן אין וואַרשטאַט און זי איז זייער פעיִק צו דער בלע־כער־אַרבעט.

ר׳ הארשל בלאַכאַזש איז אַ וווּנדערבאַרער טיפּ. עס איז אַ פּויליש־ייִדישער טביה. „ער קלערט אַריין ווי דער אין הימל פירט דאָס רעדל, אַז ס׳איז נאָר בילעטן צו נעמען”. מיט געדולד און האָפענונג וואַרט ער אויף שרה־גיטלס באַפרייט ווערן פון טורמע און ער נעמט אָן אַלץ פאַר ליב. ער פילט זיך גענוג שטאַרק פי־זיש און אַרבעט־פעיִק, — טענהט ער זיך אויס מיטן אָב־הרחמים אויפן עכט־טביהשן שטייגער: „נישקשה, כ׳האָב זיך אויף ווּעמען

צו פאַרקוקן, פון וועמען זיך אָראָפּצונעמען אַ מוסר־השכל... טאַקע פון דיר אַליין, מלך מלכי־המלכים, וואָס דו האָסט באַשאַפן דיין וועלטל מיט אַ פעסטן באָדעם, מיט אַ ווונדערלעך בלאָ שטערנצלט פון אויבן, אַ דורכזיכטיקס דערצו, מייסטעריש צוגעפּאַסט צום טעפּל וואָס האַלט זיך אין איין קאָכן, זידן און צוואַלעווען, און ס'ווערט גאָרניט אויסגעקאָכט, ס'לויפט ניט אויס און סע ווערט ניט צוגעברענט... נאָר דעם קוכער זעסטו, האָסטו אַ ביסל וויניציק אין זינען געהאַט ווי ס'טעפּל דיינס. מיט אים דרייסטו אַ וויאַדרע ווי מיטן וועטער־פענדל אויפן דאַך. קיינער קאָן דאָך דיר ניט זאָגן קיין דעה. וואָס דו ווילסט, טוסטו. ווילסטו — האָט ער ביי דיר די ווערט וואָס דאָס שטיקל בלעך אויף דער ערד; ווילסטו שטאַרק — טוסטו אים גאָר אָן דאָס קאָכעדיקע טעפּל אויפן קאָפּ און — טוט'ס מיר עפּעס, אַזוי וויל איך! ווער פירט די וועלט — איך צי איר? איך. טאָ מישט זיך ניט אַריין אין נישט־אייערע געשעפטן"...

אַ טייערער ייִד אַט דער ר' האַרשל בלאַכאַזש. פּונקט ווי טביה איז ער דורכגענומען מיט ייִדישן בטחון, גוטמוטיקער האַרציקייט, גלויבן אין מענטשן. פּוילישער ייִד, אוקראַיִנישער ייִד, ר' האַרשל, טביה — עס איז דאָס זעלבע פאָלק. ווי אַ טיפּישער בלעכער, שעפּט ער אַלע זיינע פאַרגלייכן און אַסאָסיאַציעס צום אויסדריקן זיינע געפילן און געדאַנקען — „פון פאַך", פון בלעכערישן וואַרשטאַט. און ווי אַ טיפּישער בירגער פון וואַרשעווער „מקום", געפינט ער אַ גוט וואָרט פאַר די פּאָליאַקן פון מקום און פאַר זייערע קינדער, די שקצימלעך. „זיי זענען אויך גאָטס באַשעפענישן. ווען ד ע ר אין דער הייך וואָלט ניט געוואָלט, וואָלט ער זיי ניט געוווען באַשאַפן, און אַז זיי זענען דאָ — דאַרפן זיי זיין. אלא וואָס — זיי ווילן שפּעטער רייסן בערד, אַז רייסן זאָל זיי ביי די קישקעס — דאַרף מען זיך ניט לאָזן פון זיי. דערויף האָט גאָט געגעבן אַ ייִדן הענט, פּונקט אַזעלכע ידים ווי זיי, אויף צוריק שלאָגן"... ט ב י ה האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ הראָמאַדע פון אַ שטילן אוקראַיִנישן דאָרף, ר' האַרשל זיצט אין מיטן קאָכיקן מקום, וואָס איז פול מיט פאַרביטערטקייט, האָפענונגלאָזיקייט און קינאה־שינאה צום ייִדן. ר' האַרשל איז טאַקע אין איינער אַ פינצ־

טערער נאכט געפאלן פון די הענט פון אט די „גאטס באשעפענישן”. זיי האבן שטילערהייט געמאכט א סוף צום לעבן פון אט דעם האַרעפּאשניק, יגיע־כפּימניק...

מ. קנאפהייסעס פּראזע איז דא אנגעזאפּט מיט א מין „געלעכטער דורך טרערן”, ר' הארשל באזיצט דעם גאליקן וויץ. עס איז שטילער דראמאטיזם. ר' הארשל איז ווארטזאגער פון פּוילישן יידנטום.

דאס לעבן פון דער יידישער משפּחה פּליסט ווייטער. שיינדעלע בלייבט מיט א קינד אויף דער האנט, א לעבעדיקע עגונה. שרה־גיטל איז אוועק פון דער וועלט. פאר שיינדעלען בלייבט די איינציקע רעטונג — „דאס ליטאאייזן מיט דער בלעכארסקער שער”. זי ווייזט זיך ארויס א בריה אין דעם פאך. זי לויפט ארום איבער די הייזער, שרייט צו די פענצטער ארויף מיטן זעלבן קול ווי אלע בלאכאזשעס, נאר שארפער און קלינגענדיקער: „צו פאררעכטן! צו פארלייטן! וויבלעך, קינדער, ברענגטס אראפ! טראגטס אראפ! שיסלעך, טעפ, קיבלעס, טשייניקעס פאררעכט איך נא פאטשעקאַניע”!

שיינדעלע ווערט באקאנט ווי א גוטער מייסטער, מע ברענגט איר שוין די באשטעלונגען און כלים אהיים! הגם עס קומט דער קריג מיט אלע זיינע אנשיקענישן, לעבט זיך שיינדעלע דורך ווי געהעריק, מיטן קינד צוזאמען. אט אזוי האט שיינדעלע אפגעפינצטערט אירע בעסטע יארן ביים ליטאאייזן אין דער קעלערשטוב אויפן קאזלע געסל. א גאנצע וואך — פארהארעוועט, פארהאוועט. „קומט דער שבת און אלע דאגות ווערן אוועקגענומען מיט דער האנט — האט שיינדעלע געמיינט, אז זי וועט אראפ פון זינען”. דאס מיידעלע ג י ט ש ע וואקסט שנעל, זי נויטיקט זיך אין א טאטן, אט באלד וועט מען שוין דארפן טראכטן וועגן א חתן פאר איר. שיינדעלע ווארפט זיך נאך הילף צו איר שכן — דער געלער סרולע, אן איינזאמער ייד וואס האט א שטאל מיט א פאר קי און לעבט פון פארקויפן דאס פרישע מילך. אויך דער געלער סרולע איז א שטיק טביה דער מילכיקער, סיי לויטן פאך, סיי לויטן רעדן און טראכטן, סיי לויט זיין פריינטלעך גוטמוטיקער באציונג צו מענטשן.

ניט שיינדעלע, ניט אירע עלטערן און שפּעטער איר טאָכטער די גראָבע גיטשע זיינען ניט קיין אויסטערלישע העלדן פונעם ראָמאַן. שיינדעלע איז אַ פּשוטע יידישע פרוי פון וואַרשע, מיט אַלע אירע מעלות, געזונטע אינסטינקטן און קלוגשאַפט. זי איז אַ מוסטער פון גאַנצן קלאַס יידישע פאַלקסמענטשן וואָס לעבן רויק און שטיל און ווילן אַז אויך זייערע פּוילישע שכנים זאָלן זיי לאָזן צורו.

מ. קנאַפּהייסעס טעכניק און סטרוקטור פונעם גרויסן צוויי בענדיקן ראָמאַן איז אַ געמיש פון מאָדערן־ליטעראַרישע פאָרמען מיט סענטימענטאַל־יידישע און דידאַקטישע קונסט־מיטלען. דער ראָמאַן איז געטיילט אין „רינגען", און איין רינג פאַלט אַריין אין צווייטן; די העלדן — אָט זענען זיי דאָ און אָט פאַרשווינדן זיי, דער טעמאַטישער צונויפבונד צווישן אַלע רינגען איז אַ לויזער. אָבער זיי האָבן אַ געמיינזאַמע אַטמאָספערע, עס איז ו ו אַ ר ש ע און מ ק ו ם — אַזוי ווי דער שרייבער האָט זיי געזען און פאַרגעדענקט.

## 2

ווי ס'איז צו פאַרשטיין פון טיטל פון בוך, איז דער יינגל משה מעט די צענטראַלע פיגור פונעם ראָמאַן. אויך ער קוואַליפיצירט זיך נישט פאַר אַ „העלד", ער איז אַ יינגל פון וואַרשע, ער גייט אין שפּאַן פון לעבן, ער איז פּרימיטיוו אין זיין טראַכטן און אין זיינע מעשׂים*). ער פּרעטענדירט נישט צו שמידן זיין צוקונפט, ער לעבט מיטן היינט, ווי עס לאָזט זיך. ער פאַרפלאָנטערט זיך אָפט אין נעץ פון לעבן און איז אָפט אויפן גרענעץ פון אומקום. ער איז נישט פעיִק זיך אַנטקעגנצושטעלן די סכנות און נסיונות פון לעבן, סיי די פיזיש־מאַטעריעלע, סיי די גייסטיק־מאָראַלישע. ער איז יונג און געזונט, די

---

*) משה מעט איז זיכער אַן אויטאָביאָגראַפישער נאָמען. פונקט אַזוי — דער פאַרלויף פון משה מעטס יאָרן וואָס ווערן באַשריבן אין בוך. אין זיין פּאַטעטישן ווערק „עשׂרה הרוגי־מלכות אין וואַרשעווער געטאָ", אין דער ווידמונג וואָס איז געהייליקט דעם אָנדענק פון זיין גרויסער משפּחה וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט אין פּוילן, ווערט דערמאָנט מ. קנאַפּהייסעס פעטער חיים־יוסף מעט און זיין קוזין משה מעט.

סעקסועלע אינסטינקטן באַהערשן אים. געוואַקסן אין „מקום", האָט ער אַ סך קאַנטשאַפּט און פרײַנד צווישן די פּוילישע שכנים, ער זעט זייערע שלעכטע מידות און געוווינהייטן — דאָס שטענדיקע שיכורן, שלאָגן זיך, סקאַנדאַלעווען, זייער מיאוסן באַהאַנדלען די פרויען — און דאָך ווערט ער אַליין אַרײַנגעצויגן אין די ווילדערנישן פונעם מקום־לעבן־שטייגער.

בעת דער מלחמה צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דער אַנטשטאַנענער פּוילישער רעפּובליק (1919), ווערט משה מאָביליזירט, ער שלאָגט זיך מיטן „שונא" ווי אַ געטרײַער זון פון לאַנד. ער שוינט זיך ניט, ער ריזיקירט מיט זײַן לעבן — ער האָט די אַמביציע זיך אויסצוצייכענען, ווייל ער באַטראַכט זײַן אָנטייל אין דער קורץ־דויערנדיקער מלחמה ווי אַ זאַך פון ייִדישן כבוד, ווי אַ ווירדיקער ענטפער צו די פּוילישע אַנטיסעמיטן. זײַן ייִדישקייט, זײַן ייִדיש באַוווּסטזיין איז זייער אויבנאויפיק, אָבער ער רעאַגירט שאַרף אויף די אַנטיסעמיטישע חוזק־מאַכערײַען איבער דעם „זשידאָווסקי פּאָלק", די קאָמאַנדירן פון זײַן מיליטערישן טייל זאָגן אים צו: ער וועט באַקומען אַ מעדאַל פאַר זײַנע אויסצײַכענונגען: ער איז שטאָלץ מיט דעם, ער וואַרט אויפן מעדאַל מיט אומגעדולד, ער באַטראַכט עס ווי אַ געווינס פון ייִדישן פאָלק. אָבער ווען ער קערט זיך אום קיין וואַרשע פון פראָנט, דערוואַרט אים אַן אומגעהויערע אַנטוישונג. ער איז אַן אַ היים און ער פילט זיך דערנידעריקט. די וווינונג פון זיינע עלטערן אינעם געסל „ניזקע" איז פאַרקלאַפּט, אָנגעהאַנגען מיט אַ שווערן שטומען שלאָס. אין די ייִדישע גאַסן בושעוועט דער טיפוס. פריער די דײַטשע מלחמה, איצט די סאָוועטישע — האָט אַלץ חרוב געמאַכט.

ער זעט ווי די זעלנער פון גענעראַל האַלערס אַרמײַ לאָזן זיך ווילגיין איבער די ייִדישע גאַסן, זיי שלאָגן און רײַסן בערד, — משה פּרוּווט אַפּעלירן צום געוויסן פון די האַלערטשיקעס, ער רעדט צו זיי אין נאָמען פון זײַן פּוילישן מונדיר: „ווער האָט זיך געשלאָגן אויף די פראָנטן? איך צי איר? ווער האָט פאַרטיידיקט די אָיטשיזנע, איך צי איר?... איך האָב זיך געשלאָגן! איך האָב געקעמפט פאַר..." ער באַקומט אַ קלאָרן ענטפער: „שוויג, זשידאָווסקא מאָרדאַ! נאַ, דאָ האָסטו, חזרישער פּיסק... פאַר פּוילן... פאַר די באָלשעוויקעס".

מ ש ה  מ ע ט  שלאָגט זיך מיט די האַלערטשיקעס ווי א פאַרווונדעטער לייב. איינער קעגן א גאַנצער ראָטע. ער בלײַבט ליגן אין א קאַלוזשע בלוט. אַזוי יעדער מאָל ווען ער נעמט זיך אָן פאַרן כבוד פון פאַרשוועכטן פוילישן מונדיר און פאַרן כבוד פון יידישן מענטשן — ער קומט אַרויס אַ צעממיתטער, ניט געקוקט אויף זײַן פיזישער גבורה און מוט. משה איז פאַרצווייפלט, דערנידעריקט — און אייגזאַם, אָן אַרבעט, אָן אַ פּלאַץ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. ער וואַלגערט זיך אויף די טרעפּ פון די קלויסטערס אין מקום. צוויי יונגע פוילישע אַרבעטער הייבן אים אויף, נעמען אים מיט זיך אין גאָענטן באַר, משה גיסט אין זיך דאָס ביטערע האַרבע געטראַנק, ער הערט נישט אויף צו זידלען דאָס נײַע פוילן „פון כוליגאַניזם און טעראָר". זײַן מצב ווערט ערגער מיט יעדן טאָג.

„אָט ליגט ער — אַ קופּע שמאַטעס — אויף דער שוועל פון א קלויסטער, אַן אויסגעשפּיגענער פון לעבן. ער האָט אין גאַנצן פאַרלוירן דעם צורת-אלוקים, ווער וויים צי ער וועט זיך נאָך אַמאָל אויפהײבן פון דאַנען, צוריק ווערן אַ מענטש, אויסגלײַכן די ביינער".

די פײַנקייט פון משהס טאַטן, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ פאַרבערײַ, זײַן יידישער באַוווּסטזײַן און אַרײַנקוקן אין אַ יידישן ספר, — איז נישט געווען גענוגנדיק אַרײַנצוגעבן אינעם זון לעבנזיכערקייט און לעבנסקראַפט צו פאַרנעמען א פּלאַץ אין דער אַרומיקער סביבה. דער ווינט טראָגט משהן אַרום איבער די שטורעמדיקע כוואַליעס. ער איז אויפן ראַנד פון טיפן אָפּגרונט.

„משה מעט האָט צונויפגענומען אַלע כוחות און איז אויפגעשטאַנען מיט צעווייטיקטע גלידער. ווי א שאָטן האָט ער זיך געשאַרט ביי דער וואַנט, זיך גענומען דערווײַטערן פון זײַן בײַנאַכטיקן שטײַנערן געלעגער, פון די ליאַרעמדיקע קלויסטערשע גלאָקן-געקלאַנגען און פון אומגעבעטענעם שומר-חינם (יעזוס), וואָס האָט געוואַכט איבער אים אַ גאַנצע נאַכט".

אָט דאָס איז געוואָרן דער תכלית פונעם „יינגל פון וואַרשע".

וואָס ציט משהן כסדר צו די שקצים, פּאַליאַקן, שיכורים? איז נישטאָ פאַר אים אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע קיין איין ווינקל זיך צוצוטוליען? איז נישטאָ קיין ליכטל וואָס זאָל אים אַוועקפירן

אויף נײַע וועגן? וואָס פֿאַרא מאַגנעט האַלט אים צוגעשמידט צום מקום? „פֿון קינדווײַז אָן, לייענען מיר, האָט אים משה מעטן געצויגן אַהער אינעם דזשאָנגל פֿון דער פֿרעמדער פֿאַרשלאָסענער וועלט... דאָס גוייִשע לעבן האָט נישט אויפֿגעהערט צו רייצן זײַן פֿאַנטאַזיע מיט דער פֿאַרביקייט פֿון די אויסטערלישע פֿאַרצירונגען, מיט די אָפּגילדונגען און פֿרעסקן... די פּילקאָליריקע וויטראַזשן און די ראָזע מלאכים־פּנימלעך... ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיט די גלעקלדיקע פּראָצעסיעס". און דאָך בלײַבט דעם לייענער אומפֿאַרשטענדלעך, פֿאַר וואָס משה ליגט אינעם דאָזיקן געמויזעכץ. ער קען דאָך זיי זייער גוט — אָט די שטענדיק שיכורע, צעבלוטיקטע, צעשלאָגענע. ער קען זייערע „אָקסישע אינסטינקטן", זייערע נידעריקע חיהשע תאוות און לײַדנשאַפֿטן. ער פֿאַרענטפֿערט זיי: „נישט פֿאַר וווילטאָג גיסט מען דאָ אַרײַן אין זיך די גלעזער בראָנפֿן. מיטן ביטערן טראָפּן וויל מען בלויז פֿאַרגיסן דעם וואָרעם וואָס טאָטשעט אין האַרץ, אין האַרץ פֿון אַ מאַסע, וואָס ראַנגלט זיך פֿון טאָג אויף טאָג פֿאַר יעדן טאָג לעבן". עס ציט אים צו אַ פֿראַנצישעק ריבאַקעוויטש דאָ ערגעץ אויפֿן וואָנסקי דונאַי. עס איז עפּעס ווי אַ פֿאַטאַליזם. וואָס בינדט משהן דאָ צו? פֿאַרוואָס רײַסט ער זיך ניט אַרויס פֿון דעם קאָשמאַר? עפּעס איז פֿאַראַן אין דעם ניט־ייִדישן טיפּ אַזוינס, וואָס אימפּאָנירט משהן. „די פּוילישע יונגען פֿונעם מקום, לייענען מיר, זיי גייען שטאָלצע און זיכערע מיט אַ פֿאַרהויבענעם קאָפּ געאָרעמט מיט די פּאַניענקעס איבערן גאַס... די דאָזיקע נישט ייִדישע, אומקרעמפּירטע, חומרדיקע ליבע האָט משה מעטן שטענדיק גערייצט, און נאָך מער געשראָקן אויס מורא פֿאַר די ביטערע פֿאָלגן אירע פֿון גיכער אַנטוישונג... ער, משה מעט, זוכט דויערנדיקס אין דער ליבע, נשמהדיקס, וואָס זאָל אָנצינדן ניט קיין גיהנום־פֿײַער, נישט קיין שריפֿה, נאָר אַ ליכטשײַן, אַ נר־תמיד, אַ ליבע וואָס זאָל דערהייבן, וואָס זאָל לײַכטן, באַלײַכטן דעם טונקעלן לאַבירינט פֿון לעבן און זײַנע סודות... די ייִדישע ליבע, מעדיטירט ווײַטער דער מחבר אין משהס נאָמען, איז אפֿשר ניט קיין געזונטע, אַ געהעמטע און קרענקלעך צעבענקטע, אַ וויינענדיקע, שוואַכע... אָבער אַ ריינע, אַ דערהייבנדיקע, אַ שטאַרקע אין גײַסט". דער שרײַבער דערציילט אונדז,

אַז משה האָט באַלד חרטה ווען ער טוט אָפּ אַ זינד, ער לײַדט פון דעם וואָס ער האָט נישט געגוג כוח בײַצושטיין דעם נסיון.

אָבער קינסטלעריש זענען די דאָזיקע רייד ניט באַרעכטיקט. מיר זעען ניט אָט דעם כלומרשטן פֿײַנלעכן מין לײַדן ביי משהן. סײַ אינעם ערשטן באַנד און סײַ אין צווייטן פֿאַרבינדט ער זיך כסדר מיט פּוילישע שיקסעס, אָבער אין אַלע סעקסועלע פֿאַלן איז ער פּאַסיוו, ער „פֿאַלט אַ קרבן פֿון דער צודרינגלעכקייט, הפקר־רותדיקייט פון דער שיקסע". משה ווײַזט זיך אַרויס אַ שוואַכלינג, אַ נאַכשלעפעניש. ער פֿאַרדינט נישט קיין באַוווּנדערונג, אַנטציקונג פון אַ כלומרשטן העלד. פון די צוויי פּוילישע מיידלעך, זאָשיע און וואַנדע, אימפּאָנירט אים דווקא די גרענעצלאָזע אומגעלאַסנקייט פון וואַנדע, הגם זאָשיע ווײַזט צו אים אַרויס אויפֿריכטיקע געפילן פון הייסער ליבע.

מ. קנאַפּהייס גיט אָפּ גאַנצענע זײַטלעך אויף משהס ייִדישע נאַציאָנאַלע באַטראַכטונגען. אָבער זיי זעען אויס ווי פּראָדוקטן פון ליטעראַריש־שרײַבערישער טעכניק מיר זעען ניט בײַ משהן קיין טיף־גרייכנדיקע ייִדיש־נאַציאָנאַלע בענקשאַפט, זײַנע מעשים באַרעכטיקן ניט זײַנע מחשבות. דאָס איז אויך נישט בײַ אים קיין מין אינטערנאַציאָנאַליזם, ווען דער שרײַבער זאָגט עדות, אַז משה „האָט געוואָלט פילן דעם ווונדערלעכן טעם פון אונדזער אַלעמענס וועלט, נישט ווי אַ שותפות מיט וועמען, נאָר ווי אַ באַשטאַנדטייל פון לעבן וואָס געהערט טאַקע אונדז און איז אַ טייל פון אונדז — אונדזער היים".

## 3

די קאָנפראָנטאַציע ייִדן־פּאָליאַקן פֿאַלט אויס אויף די בלעטער פון מ. קנאַפּהייסעס בוך גאָר נישט לטובת דעם פּוילישן פֿאָלק. די רעגירונג איז אַנטיסעמיטיש, די עליטע־אַרמיי, האַלערטשיקעס, שלאָגן און ממיתן ייִדן אויף די גאַסן פון שטאָט, סטודענטן פֿאַרשפּרייטן בלעטלעך וואָס רופן צום באָיקאָט אויף ייִדישע האַנדלס־

געשעפטן, זיי באַפאַלן און מאַכן חרוב די אָרעמסטע מאַרק-הענדלערינס, זיי מײַדן אוים פרײַנדלעכע באַגעגענישן מיט ייִדישע קאָלעגן סטודענטן. די מלוכה-אַטמאָספערע איז פײַנדלעך לגבי ייִדן ווי אַ פאָלק, אַנערקענט ניט זייערע רעכט אויף פולער בירגערשאַפט. נאָר איינצלנע בײַשפילן ברענגט קנאַפהיים וועגן מענטשן פון פשוטן פאָלק, פּאָליאַקן וואָס נעמען זיך אָן פאַר ייִדן, שלאָגן זיך פאַר זיי, אַנערקענען זייער מאָראַלישע העכערקייט און מעלות. משה מעט לעבט אַליין איבער אַ סך ביטערע מאָמענטן פון דערנידעריקונג און באַליידיקונג ווי אַ ייִד. הגם ער איז באַהערשט פון סענטימענטאַלן פוילישן פּאַטריאָטיזם, איז ער זיך אָבער מודה: „ס'איז אים אָבער איצט שוין אפשר צום הונדערטסטן מאָל קלאָר, אַז ער און זיי זענען צוויי באַזונדערע וועלטן, פײַער מיט וואַסער. איינער פאַרטראָגט ניט דעם צווייטן, מ'האָט זיך קעגנזײַטיק פײַנט".

משה קען זיך ניט באַפרײַען פונעם צויבער פון אַמאָליקן היסטאָרישן פוילן. די גלאָריע פון די פאַרגאַנגענע פוילישע דורות כישופט אים. ער חלומט וועגן פוילישן ריטערטום און אַריסטאָקראַטיע, וועגן רעמיניסצענסן פון פוילישן העלדנטום, קיניגן, פּאַלאַצן, דענקמעלער. דער סטאַרי רינעק (אַלטער מאַרק), דער בראָנדזיקער הערב פון וואַרשע,, די סירענע-פיגור — האַלב פרוי האַלב פיש, — דאָס אַלץ ווערט באַזונגען אין די לעצטע קאַפּיטלעך פון פינפטן רינג, וועלכער פאַרענדיקט זיך מיט אָט די שורות: „און פונקט ווי די דאָזיקע רעטענישפולע מיידלפיגור ציט צו זיך צו דעם גאַנצן מקום, וואָס זאַמלט זיך אַרום איר, אַזוי האָט עס אים, משה מעטן, געצויגן אַהער צו דער פוילישער וועלט, צו אָט דעם לעבן, וואָס איז פאַר אים געבליבן, ווי די סירענע, אַן אומבאַשיידבאַרער ספינקס".

דאָס בוך פון מ. קנאַפהיים איז דערשינען אין 1961. הײַנט ווען דער טראַגישער סוף פון די רעשטן פוילישע ייִדן אין קאָמוניסטישן פוילן — איז יעדן פון די לייענער גוט באַקענט, קלינגען אָט די ווערטער פרעמד, זיי לאָזן אונדז קאַלט, סקעפּטיש. אָבער מע דאַרף זיי ניט באַהאַנדלען פּאָליטיש-פּאַרטייִיש, מיט הײַנטיקע ייִדיש-נאַציאָנאַלע געפילן און טראַכטונגען. מע דאַרף זיי נעמען אַזוי

ווי זיי זענען. דאָס זענען לידער אין פּראָזע, געווידמעט דעם אַמאָ־ליקן פּוילן. דאָס זענען לידער וועגן אַ ייִנגל פון ווארשע: ער בלאָנדזשעט אין מדבר פון לעבן אָן אַ אידייִשן קאָמפּאַס, ער גיט זיך ניט אָפּ קיין רעכענונג אַפילו וועגן זײַן אייגענער צוקונפט און ווײַטערדיקן גאַנג אין לעבן. ער זוכט און ווייסט ניט וואָס. און צוויי אינסטינקטן קעמפן אין אים: די ראָמאַנטיק פון פּוילישן פאָלק און דער ייִדיש-נאַציאָנאַלער געפיל, וואָס וואָרצלט אין אים אונ־טערערדיש, אָבער בליט ניט, טראָגט ניט קיין פרוכטן.

4

אין די קאַפּיטלעך אין פערטן רינג פון ערשטן באַנד, און אין פינפטן רינג פון באַנד צוויי — מאָלט מ. קנאַפּהיים דאָס לעבן און דעם זעלבסטמאָרד פון ל י ו ש ע ן, די פרוי פון פראַנעק. עס איז אַן אויסערגעוויינטלעך דעליקאַטע דערציילונג, געהאַלטן אין אַ לירישן אינטימען טאָן.

ליושע איז איינזאַם, פאַרביטערט. זי קאָן ניט פאַרטראָגן דעם שטענדיק שיכורדיקן מאַן מיט זײַנע ברידער. ליושע איז זייער שיין, איידל און חנעוודיק. זי האָט שוין אַ קינד און זי ציטערט איבער דעם. פראַנעק וואָס איז אַמאָל געווען שטאַרק פאַרליבט אין איר, ווײַזט איצט אַרויס די ברוטאַלסטע באַציִונג צו איר. ווען נישט דאָס קינד, וואָלט זי אַנטלאָפן פון אים, זי האָט אים פײַנט פאַר זײַנע שמוציקע רייד, חזירישע שיכרות, זידל-ווערטער, פאַר דערנידעריקן זי.

ליושע איז יונג, זי איז אין סאַמע בלי פון איר יונגשאַפט. זי שאַצט אָפּ איר שיינקייט, איר אויסגערונדיקטע פיגור און איר נאַ־טירלעכן רייץ. ווי פּאַסט זי זיך אַרײַן אין דער ראַם פון אַזאַ איינעם ווי פראַנעק? ליושע איז „אויסגעבענקט נאָך וואַרעמער צאַרטקייט, נאָך אַ ליבלעכן אַרומנעם, נאָכן פליסטער פון זיסע אַנטציקנדיקע רייד, וואָס זאָלן נישט אויפהערן אויסלויבן אירע געטאָקטע גלידער, די פרוייִשע מעלות אירע מיט וואָס זי איז באַ־שאָנקען“.

און אַט וואַליעט זיך אַרײַן אין אײנער אַ פֿינצטערער נאַכט פֿראַנעק מיט משהן. פֿראַנעק איז שיכור לוט, ער פֿאַלט אַוועק אין בעט און שלאָפֿט ווי אַ געהרגעטער. ליושע ווייס, אַז משה איז אַ ייִד, אַ נישט-גלויביקער, זי זעט אין אים די גאַרע אַנדערש-קייט. איר גאַנצע עלנטקייט און אײנזאַמקייט געפֿינט אַן אויפֿ-לייזונג. „זי ווייסט אַליין נישט, וואָס ס'האָט זיך מיט איר געטאָן יענע נאַכט, דער קאָפּ האָט זיך איר פֿאַרדרייט. אַנדערש האָט זי ניט געקאָנט, דאָס צעקאָכטע בלוט האָט עס אין איר געאַרבעט מעשים". זי קומט צו משהן, זי גיט זיך אים אָפּ, זי וואָלט אַוועק מיט אים אין עק וועלט... אָבער בײדע פֿאַרשטייען, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ חלום.

און באַלד קומט די פּויליש-סאָוויעטישע מלחמה, משה גייט אַוועק אויפֿן פֿראָנט. פֿאַר ליושען קומען ביטערע צײַטן. זי טראָגט אַ קינד פֿון דעם נישט-גלויביקן, זי באַהאַלט עס פֿון פֿראַנעקן. אין אַ צײַט אַרום טרעפֿט זיך משה ווידער מיט פֿראַנעקן אין אַ באַר, צופּעליק. עס איז שוין נאָך דער פּויליש-סאָוויעטישער מלחמה. דער שיכורער פֿראַנעק דערפֿרייט זיך מיט משהן, גיסט אויס פֿאַר אים זײַן אָנגעווייטיקט האַרץ. ער דערציילט אים ווי אַזוי ליושע האָט זיך געגרייט צום אומגליקלעכן אַקט פֿון זעלבסטמאָרד. ער פֿירט אים שפּעט בײַנאַכט צום פּלאַץ, ווו ליושע האָט זיך אַרויסגעוואָר-פֿן פֿון בוידעם-פֿענצטער און געפֿאַלן טויט.

דאָס אַלץ ווערט געשילדערט מיט אַ סך פּרטים. דער קינסט-לער ווײַזט דאָ אַרויס טאַקט און אינטימקייט. די פּסיכאָלאָגיע פֿון ליושען איז אויסטערליש קלאָר, נאַטירלעך. פֿראַנעקן עסן ספֿיקות — ער גלייבט ניט אַז ליושע איז פֿאַרגאַנגען אין טראָגן פֿון אים. ווער זשע קען זײַן דער שולדיקער, וואָס האָט איר דערפֿירט צו אַזאַ מצב? אויך משה איז פֿול מיט פּײַן, זײַן געוויסן מאַטערט אים, ער ווייסט — זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט ז ײַ ן קינד. ער דערמאָנט זיך, זי האָט זיך דאָך אים יענע נאַכט איבערגעגעבן אַזאַ הייסע און צעגלוסטיקטע.

דער שרײַבער וויקלט פֿונאַנדער פֿאַר אונדז אַ דראַמאַטיש-פּאַטאַליסטיש בילד, אַ גרויזאַם שטילע טראַגעדיע. דער טראַגישער

באַשלום איז בײַ איר אַנגעוואָקסן בהדרגה, שטילערהייט, אַפּזיצנדיק שעהן־לאַנג אין פאַרלוירנקייט און רעזיגנאַציע, אָן אָן אויסוועג. דער אויפברויז אין דער ל ע צ ט ע ר נאַכט, ווען זי פועלט בײַ פראַנעקן, ער זאָל מיט איר גיין אין איינעם פון די אַריסטאָקראַטישע קלובן־רעסטאָראַנען; איר היסטעריש־פאַרשײַטע האַלטונג דאָרט. איר טאַנצן מיט יעדערן חוץ פראַנעקן, — דאָס אַלץ האָט קיין גוטס נישט צוגעזאָגט. „אַן אומבאַרעכנטע און לײַכטזיניקע איז ליושע געפלויגן אין טאַנץ". דער אָוונט פאַרענדיקט זיך אין קלוב מיט פראַנעקס אַ סקאַנדאַל. שפּעטער — מיט ליושעס שטיל געוויין, העשען און שלוכצן. זי שלעפּט זיך אַהיים אין האַלב־באַוווּסטזײַן. אין איר האַלוצינאַציע דאַכט זיך איר אויס — זי זעט משהן אָנקומען, זי רעדט צו זיך: „דאָס איז געווען אַ מענטש! אַזעלכן דאַרף מען זוכן! זיכער אומגעקומען אויפן שלאַכטפעלד... אַן אומגליקלעכער געווען, אַ פאַרבלאָנדזשעטער... ווי איך..."

בײַם לעצטן טריט באַמיט זיך פראַנעק איר אָפּצוהאַלטן פון געפערלעכן שפרונג צום אומקום, ער קעמפט מיט איר, אָבער זי איז שטאַרקער פון אים, אַנטשלאָסענער, און זי קומט אום אין אירע צעקנוידערטע באַליאָווע קליידער. איר גורל איז געחתמעט. פאַר פראַנעקן און משהן איז ליושעס טויט „געבליבן אַ נישט אויפגעקלערטע רעטעניש, אײַנגעהילט אין אַ געהיימענישפולן שלײַער, אַ סוד וואָס זי האָט מיטגענומען מיט זיך אין קבר אַרײַן".

די באַשרײַבונג פון ליושעס לעבן און טויט איז פאַר זיך אַ גרויסאַרטיק ווערק, מיט אַלע מעלות פון די בעסטע מוסטערן פון דער שיינער ליטעראַטור. אויף צענדליקער זײַטן ברענגט מ: קנאַפּהיים אַרויס די גרויסע דראַמע — רעאַליסטיש, פּסיכאָלאָגיש, מענטשלעך, מיט פשטות און אוממיטלבאַרקייט.

5

דער זעקסטער רינג („חלום און וואָר", צווייטער טייל) גיט זיך אָפּ מיט אַ טעמע, וואָס מיר באַגעגענען ניט אין דער שיינער ייִדישער ליטעראַטור. די טעמע איז: **ייִדישע מיסיאָנערן**. מ. קנאַפּהיים באַקאַנט אונדז מיט דער אָרגאַניזאַציע פון מיסיאָנערנטום אין

אמאליקן וואַרשע, מיט די מענטשן, וואָס האָבן אָנגעפירט די דאָזי־
קע אַרבעט און מיט די טיפן וואָס האָבן געגאַסן פון איר.

אינעם אַריסטאָקראַטישן געסל סעווערינוּוו שטייט אַן איזאָליר־
טער פּאַלאַץ אַרומגענומען מיט אײַזערנע שטאַכעטן, דער אַרײַנגאַנג
איז שטענדיק אויף אַ שלאָס, מע לאָזט אַרײַן נאָר איינצלנע, יחידים
וואָס זיינען נושא־חן בײַ די צוויי שומרים. דאָס איז די פעסטונג פון
דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און איר פּראָפּאַגאַנדע. איבער דער
שטאָט טיילן זיי בלעטלעך און רופן צו קומען צו זיי, זאָגן צו שיינעם
כּיבוד און אינטערעסאַנטע דרשות. אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן אָוונט
פאַרבלאָנדזשעט משה מעט אַהער צופעליק. שטענדיק הונגעריק און
אויסגעמאַטערט פון זוכן עפּעס אָפּצועסן, האָפט ער אַז דאָ וועט ער
געפינען אָפּרו און כאַטש אַ ביסל שטילן זײַן הונגער. ווען ער קומט
צו צום טויער, טרעפט ער דאָ אַ היפשע גרופּע חסידישע יונגעלײַט,
וואָס פּיקעטעווען דעם פּאַלאַץ און שרײַען מיט גאַל און פאַראַכ־
טונג: — אַפּעריסטן! נשמה־כאַפּערס! שבתי־צביניקעס! פּושעי־
ישמעאלים!.. חברה פאַרלאַנגען מע זאָל זיי אַרײַנלאָזן, זיי ווילן פירן
דיסקוסיעס מיט די משומדים. נאָר די שטילערע פון זיי, צווישן זיי
משה מעטן, לאָזט מען אַרײַן.

אינעווייניק — קלויסטערדיקע שטילקייט, געהיימענישפולע טי־
רן, אַ שווערע אָנגעשטרענגטע סאַלאָן־אַטמאָספער. אַלץ איז דאָ
רעזשיסירט אויף אַ דערפאַרענעם אופן — אינעם פײַערלעך יום־
טובדיקן זאַל: די צוויי צענדליק צוהערער, די בעלי־דרשנס, שפּע־
טער דאָס גלעזל טיי מיט קיכעלעך. אַ פאַרשטעלטער חסיד, מיט
באָרד און פּיאות, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, זאָגט תּורה, רעדט וועגן
דער יידישער מסורה, שיט מיט פּסוקים, ער מעלדעט, אַז קומענדיקן
שבת נאָך מיטאָג וועט ער רעדן וועגן דעם „בן אָדם און ישראלס
האָפענונג". ווען ער ענדיקט לייגט ער פאַר: ווער וויל עפּעס פרעגן
אָדער זאָגן — וועט ער ענטפערן. קיינער רופט זיך ניט אָפּ.

ווער איז דער פאַרשטעלטער פּרעדיקער? משה מעט שטעלט
אים פאָר אַזוי: „אַ פאַרשאָלטענע פּרנסה דאָס איז, צו זײַן אַ פּרע־
דיקער פון נישט געשטויגן נישט געפלויגן. ס'איז אָבער אַלץ בע־
סער ווי פאַטערן צײַט אינעם פאַרעיפּושטן שפּײַז־קרעמל מיט די

פּאַראַייליצטע הערינג, מיטן וועגן צימערינג און פּעפּער אויפן לויט... ס'איז ממש געווען אַ ישועה פאַר אים דאָס אַריינקריגן זיך אין דאָזיקן הויז... פון דער אַנדערער זייט — האָט ער דאָך דאָ אַ סך דערגרייכט, געקריגן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוווייזן זיינע קענטענישן אין לערנען, זיין חכמה און בקיאות. ס'איז אויך נישט קיין קליינער כבוד צו פאַרנעמען דאָ דעם אויבן אָן ביים טיש".

שפּעטער אַ ווייַלע — עפנט זיך אויף די טיר, עס באַווייַזט זיך די שטאַלטנע פיגור פונעם עוואַנגעלישן פּאַסטאָר — מיטן ברית-חדשה אונטערן אָרעם. דער פּאַסטאָר מאָריסאָן איז אַ שליח פון לאָנדאָן, פון דער הויפּט-צענטראַלע פון דער „מיסיאָן". לאָנדאָן האָלט אוים די וואַרשעווער אָפּטיילונג מיט איר „טעאָלאָגישן סעמינאַר" אין דערבייַיִקן שטעטל ראַדאָשטש. ער דאַרף קאָנטראָלירן אַלץ און באַריכטן קיין לאָנדאָן — זיי האָבן דאָרט אַ חשד, אַז די פאָטאָגראַפיעס און ביאָגראַפיעס פון די נייַ-געוווּנענע אַנהענגער, זייערע כלו-מרשט אייגנהענטיקע ענטפערס אויף 88 פראַגן — איז אַ מיס-טיפיקאַציע, אַ פאַלסיפיקאַציע. „ס'האָט קיין סך צייַט ניט געדויערט און אויך דער פּאַסטאָר אַליין, אַפילו נישט אַנענדיק דערפון, האָט זיך שוין געפונען אַ פאַרפלאָנטערטער אין דער אויסגעשפּרייטער אינטריגאַנטישער נעץ פון דער קליקע". די „אַפּאָסטאָלן", די „ברידער" סאַרנע, יאָג און סאַלאָ — זענען געניטע פעלשער און אָפּנאַרערס. דערצו זענען זיי סעקסועל פאַרדאָרבענע, פאַרגוואַלדיקערס פון דער יונגער שיקסע וואָס אַרבעט דאָ, קאָכט, ראַמט און וואַשט. דעם גאַנצן פּאַלאַץ האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ הויז פון אויסגעלאַסנקייט און פאַרברעכערישקייט. די פּאָר עלטערע פּאַסטאָרס האָבן דאָס ניט געזען אָדער זיך געמאַכט ניט זעענדיק. אַלע לעבן דאָ אין דער נעסט פון ליגנס און זינד, ווי די פּריצים, אין אמתן וואָיל-טאָג, — און אַלץ אויפן חשבון פון די נאַיִווע ענגלענדער אין דער הויפּט-אָנפירונג פון דער עוואַנגעלישער מיסיאָן.

אָבער אָט באַווייַזט זיך דאָ אַ נייַע זייַטיקע פיגור — איינער וואָס האָט דעם מוט חרוב צו מאַכן מיט זיין שטעקן די גאַנצע נעסט פון די גיפטיקע מוראַשקעס. משה ענגעלשטערן איז זיין נאָמען.

אַ מיסטעריעזער טיפּ, אַ געמיש פון גוטס און שלעכטס, פון

רײנער רעליגיעזקײט און פון הפקרות, אויסגעלאַסנקײט, קלאָוניש-
קײט. אויפן שאַרף פון גלויבן און אומגלויבן. אַ געמיש פון לעבן מיט
דער נאַטור. פרײַ אָן העמונגען און שטערונגען סעקסועלע אָפנקײט
און צעכראַסטעטקײט. און אפשר אַ געמיש פון משוגעת און גע-
ניאַליטעט. ער איז אָנגעפילט ווי אַ מילגרוים מיט ציטאַטעס פון די
גרעסטע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע דענקערס און שרײַבערס, ייִדי-
שע און נישט-ייִדישע. אַן עקזאַלטירטער פאַנאַטיקער, פלאַמיקער
רעדנער און שרײַבער. איז ער אַ לוטעראַן, אַ פּראָטעסטאַנט? אין די
גרונט-פּרינציפּן גײט ער זיך צונויף מיט לוטערן, אָבער מיט זײַן
אויפפירן זיך ציט ער מער צו די באַפּטיסטן. ער רײַסט זיך אַרײַן
אין לעקציעס-זאַל, ער דיסקוטירט מיטן פּאַסטאָר מאָריסאָן, רײַסט
איבער דעם שטילן פאַרלויף פון די פאַרשטעלטע דרשות, און ער
אַלײן רעדט פאַר פײַער און וואַסער: „ווער זענט איר ווער? וואָס
האָט איר דאָ צו טאָן? אין אַ מושב-זקנים גײט און לאָזט דעם פּאַ-
לאַץ פאַר אַנדערע. איר וועט שוין די ישועה נישט ברענגען. איך
ברענג דערלײזונג, איך טראָג גאָטס וואָרט צום אָרעמען און לײַדנ-
דיקן. איך בין זײער גואל, זײער דערלײזער, דער לעבעדיקער משיח
——— דאָ אין דעם הויז הערשט ליגן און שווינדל. דאָס איז אַ
מקום טומאה... ווער עס זוכט אַ וועג צו גאָט זאָל גײן מיט מיר!
— — — איך וועל אײַך מאַכן פאַר אויס הייליקע, אויס כהנים,
אויס מאַרטירערס! ענגעלשטערנס געווויסן קײפט מען ניט (לויט
זײַן ווילנער דיקציע) פאַר קײן געלט! איר ווייסט נאָך ניט ווער
משה ענגעלשטערן איז! איר וועט אים ערשט דערקענען!".

משה מעט האָט זיך שנעל אָריענטירט אין דער פאַלשקײט
און שאַרלאַטאַנסטווע, וואָס גײט אָן אין דעם ליוטעראַנישן טעמ-
פּל. אַרײַנגעטראָטן אַהין מיט אַ שטיקל האָפענונג אויף ליכט און
אויפריכטיקער אמונה, האָט ער זיך זײער שנעל אַנטוישט אין זײ
און אויסגעניכטערט זיך. דערפאַר האָט ער זיך ענטוזיאַסטיש
אָנגעכאַפּט אין ענגעלשטערן. אין אים האָט ער דערזען אַ מוס-
טער פון פרײַען גלויבן און דענקען, פון אַ מוטיקן קעמפערישן
גײַסט, פון אויפריכטיקער רעליגיעזקײט. ער האָט זיך געלאָזט אַ-
רײַנציִען אין די שפּעטערדיקע אוואַנטורעס און קונצשטיק פון
ענגעלשטערן, און האָט מסכים געווען אויף דער ראָל פון אַן

אַפּאָסטאָל בײַ דעם „הייליקן” מאַן. ער באַגלייט ענגעלשטערנען אויף אַלע זײַנע רעפּעראַטן אין די יִדישע שטעטלעך, ווו די יוגנט האָט געלעכצט נאָך אַ נײַ מוטיק וואָרט. משה מעט פלעגט פאַרן עולם פאָרשטעלן זײַן רבין און מענטאָר אין די העכסטע סופּער־לאַטיוון. אָבער דאָס יִדישע שטעטל און זײַן יונגוואַרג, הגם אינ־גאַנצן אידעיִש צעטומלט און אומזיכער, האָט נישט געקענט פאַר־דייען די שפּײַז וואָס ענגעלשטערן האָט פאַר זיי פאָרגעבראַכט:

„פרוי, האָט ער געררופן מיט גרוים פּאַטאָס, פלעכט פונאַנדער דײַנע האָר!... האָסט אַ שיינע ברוסט — דעק זי אָפּ!... געניס פון לעבן צוגלײַך מיטן מאַן. ביידע האָט איר דערין דעם זעלבן חלק... צוריק צו דער נאַטור!” אויף די דאָזיקע און ענלעכע רייד האָט די אוידיטאָריע רעאַגירט שטורמיש: מע האָט אים באַוואָרפן מיט וואָס ס'איז געקומען אונטער די הענט — היטלעך, קנוילן פּאַפּיר, אויסגענאָגטע ביינער פון פולקעס געגנדזנס; מע האָט אים באַגלייט מיט געשרייען און געפײַפערײַען, אַז ער איז קוים אַרויס אַ לעבע־דיקער פון זאַל און מיט הינטער־געסלעך גענומען לויפן צו דער באַן.

משה מעט אָבסערווירט זײַן רבין אין אַלע קלייניקייטן. ער זעט, אַז ענגעלשטערן רעדט איינס און טוט עפּעס אַנדערש, דער וועגעטאַריאַנער עסט פיש און פלייש מיטן גרעסטן אַפּעטיט. ער אַנטלויפט פון דער אָרעמער קליינשטעטלדיקער אַכסניה שטילער־הייט פאַרטאָג, נישט באַצאָלנדיק פאַרן נאַכטלעגער און פאַר די מאָלצײַטן וואָס מע האָט אים און משהן דערלאַנגט מיט אַ ברייי־טער האַנט.

ענגעלשטערן גיט אים צו לייענען זײַן מאַנוסקריפּט „זכרו־נות פון יענער וועלט”. עס ווײַזט זיך אַרויס, ער איז שוין גע־ווען אין אַ משוגעים־הויז, און כדי זיך אַרויסצוראַטעווען האָט ער אונטערגעצונדן דעם אַנשטאַלט און אַליין זיך אויסבאַהאַלטן. איצט דערשײַנט ער ווי דער הייסער פּאַרטיידיקער פון די פאַרשלאָ־סענע גײַסטיק־קראַנקע און ער דונערט קעגן דער אַלמעכטיקער יוסטיץ.



די „אויטאָנאָמע אינסטיטוציע" -- משה ענגעלשטערן
THE "AUTONOMOUS INSTITUTION" – MOSES ENGELSTERN
„המוסד האבטונומי" — משה אנגלשטרן
АВТОНОМНАЯ ИНСТИТУЦИЯ" МОИСЕЙ ЭНГЕЛЬШТЕРН

„Der Rejner Emes"
דער ריינער אמת

דער יידישער

Jednodniówka
דער אמתער משיח

שטאָט־זאַל
שבת, 4 פעברואר 11 אַ. פרי
רעפעראַט
ענגעלשטערן
ווי אזוי יעדער מענש
לאנג לעבן און קריגן ...
ניט קראַנק זיין.

Моисей Энгельштерн
В ЧЕМ МОЯ ВЕРА

Anielska gwiazda

Jerzy Wyszomirski

די אמתע נבואה
אומפאַרטייאישע צייטשריפט איבער יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים.
רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן דורך משה ענגעלשטערן

יידיש פאלק וואו גייסטו?

Invitation to the lectures in the Vilna

פאָטאָ־מאָנטאַזש פון די אויסגאַבעס און מודעות פון די אַרויסטריטן מיט
רעפעראַטן פון ד״ר משה ענגעלשטערן (אויבן לינקס) אין ווילנע צווישן
ביידע וועלט־מלחמות

ענגעלשטערן האָט אויסגעפּונען אַ שטוב פון אַ פּאַראַלי־זירטן באַפּטיסט, און ער ווערט דאָ אַ גאַנצער תושב. די אַלטע פרוי פונעם פּאַראַליזירטן, די מאַמעלע, גלויבט אינעם ד״ר ענגעל־שטערן ווי אין אַ געטלעכן מאַן. ער האָט דעם קראַנקן געהיילט מיט זײַנע אייגענע מיטלען און מיט היפּנאָז, קיין געלט ניט גע־נומען דערפאַר, אָבער זיך אײַנגעקוואַרטירט דאָ גוט — מע וואַשט זײַנע וועש, מע גיט אים עסן, און מיט איינער פון די צוויי יונגע טעכטער שלאָפט ער יעדע נאַכט.

ספיקות הייבן אָן מאַטערן משה מעטן: איז ענגעלשטערן אַ מלאך צי אַ טײַוול? איז ער אַ בעל־מופת? איז ער אַ חסר דעה, אומ־אַרמאַל? אַ פּשוטער שאַרלאַטאַן? איז אמת אַז ער גיט אַרויס אין ווילנע אַן אייגן בלאַט, אַליין געשריבן אַלץ און אַליין געזעצט? איז ער אַ פּשוטער שווינדלער? מאַניאַק? און משה מעטע פאַרלאָזט זײַן רבין

* * *

דער נאָמען ענגעלשטערן איז ניט קיין אויסגעטראַכטער. ווילנער יידן האָבן גאַנץ גוט געקענט אָט דעם פּאַרשוין וואָס האָט זיך טיטולירט ד״ר מאַיסיי ענגעלשטערן.

אין דער ניו־יאָרקער ביבליאָטעק פון ייִוואָ געפינען זיך צוויי ביכלעך פון מ. ענגעלשטערן. אויפן שער־בלאַט פון איין אויס־גאַבע לייענען מיר: „גימנאַסטיק" — לערנבוך פאַר דער פיזישער דערציִונג מיט 93 בילדער אין טעקסט (פאַרלאַג ש. שרעבערק). דאָס איז אַ גרעסער ביכל, אין וועלכן דער מחבר באַהאַנדלט די ענינים פון היגיענע און טערמינאָלאָגיע פון די פיזישע איבונגען: אָרדענונגמעסיקע איבונגען, צוגרייטונג־איבונגען, הויפּט־איבונגען, פרײַע באַוועגונג, דאָס שפּרינגען, איבונגען מיט מכשירים, שטונדנ־פּלאַן פאַר לערערס. די טערמינאָלאָגיע וועגן דער קאָמאַנדע.

די צווייטע בראָשור ענגעלשטערנס, וואָס די ייִוואָ־ביבליאָטעק פאַרמאָגט, איז דערשינען אין דער רוסישער שפּראַך און איז באַגלייט מיט אַ פּאָרטרעט פונעם אויטאָר. די בראָשור האַלט 16 זײַטן. און אויף יידיש דאַרף זיך דער שער־בלאַט לייענען אַזוי: „אין וואָס באַשטייט מײַן גלויבן? אַ ווידוי פון אַ גלויביקן. געווידמעט די וואָס זוכן גלויבן אין גאָט". אין

דער בראַשור טרעט ער אַרויס און רעדט אַזוי ווי אַ ייִד, וואָס אָנערקענט פון דער גאַנצער תורה בלויז די צען געבאָטן. „די נײַע תקופה, זאָגט ער, וועט עפענען די אויגן פון די בלינדע און זיי וועלן דערזען אין וואָס פאַראַ פאַלשער ליכט זיי האָבן געזען גאָט. גאָט וועט פאַר זיי זיך אַנטפּלעקן אין זײַן גאַנצן גלאַנץ און שיינ־קייט, אַזוי ווי ער האָט זיך באַוויזן צו אַלע הייליקע לערער".

ענגעלשטערן אַנאַליזירט די קריסטלעכע לערע, ער האַלט שטאַרק פון יעזוסן און ער ברענגט פון אים צענדליקער פּסוקים. „די קריסטוס־לערע איז פאַרבליבן דאָס אייגנטום נאָר פון זײַנע ערשטע תלמידים... אומזיסט רופן זיך אָן ווי קריסטן, אָט די אָנ־הענגערס פון דער קריסטלעכער לערע, וואָס זיינען די זעלביקע פאַריסעער וועמען יעזוס האָט באַצייכנט ווי היפּאָקריטן".

סוף־כל־סוף פּראָקלאַמירט ענגעלשטערן זײַן אני מאמין אַזוי: „איך האָב זיך איבערצײַגט, אַז גאָט געפינט זיך ניט בלויז אין די הימלען.. נאָר ער געפינט זיך אומעטום און איבעראַל. ער פילט אָן מיט זיך אַלע וועלטן, און אין דער זעלבער צײַט געפינט ער זיך אין מענטשנס האַרץ. ער איז פאָטער, מוטער, מאַן און פרײַנד פון מענטשלעכן גייסט וואָס שטראַלט אַרויס פון אים... אַבסאָלוטע ליבשאַפט צו יעדערן און צו אַלעמען, — אָט אין דעם דאַרף זיך אויסדריקן די רעליגיע פון אַלע פעלקער און ראַסן אויף דער ערד".

ווי עס פאַרזיכערן ווילנער פרײַנד, האָט זיך ענגעלשטערן אין 1938 געשמדט אויף קאַטויליש און באַקומען דעם נאָמען פּיאָטר. ווען, ווו און ווי אַזוי דאָס איז געשען און וואָס פון אים איז גע־וואָרן שפּעטער, — דאָס איז אומבאַקאַנט.

* * *

מיט דעם דאָזיקן טייל פון זײַן גרויס ווערק האָט מ. קנאַפּהייס בײַגעטראָגן צו דער ייִדישער שייגער ליטעראַטור — אַ בילד פון אַ לעבן־שטייגער, אויפן ראַנד פון אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין פּוי־לן. ס'איז אָבער אויך אַ קאַפּ פון רעליגיעזע און קולטור־פּראָבלע־מען, וואָס מאַטערן געוויסע מענטשן און זיי זוכן אַ לייזונג אין דער אָדער יענער קריסטלעכער סעקטע. ס'איז אויך אַ מין קעגנ־

שטעלונג פון דער יידישער רעליגיע, פון יידישן גלויבנס-דרך אין פארגלייך מיטן קאטאליציזם און זיינע רעפארמיסטישע אפצווייגן. דאס זיינען צוויי וועלטן.

ווארשע האט געשוויבלט מיט פארשיידענע יידישע טיפן אפע־ריסטן, פשוטע גנבים און ארטיסטישע שווינדלערס. דער געביט פון גאטזוכעריי איז געווען א גוטע געלעגנהייט פאר שווינדל און אויסנארעריי אין גרויסן פארנעם. די אטמאספערע פון פוסטע איינגלויבענישן, כלומרשט רעליגיעזער פראזעאלאגיע — שווימלט און גריבלט מיט געפערלעכע מארעוויכערס וואס זענען אויף אלץ פעיק.

די קאפיטלעך וועגן מיסיאן און ענגעלשטערן זענען נישט סתם רעפארטן. די ארויסגעבראכטע גאלעריי פון פערזאנען, אין ליטע־ראנישן טעמפל און אויסער זיינע ווענט, — זענען אמת-קינסטלע־רישע נאוועלן. זיי גיבן צו וויייניק צו דער כאראקטעריסטיק און גייסטיקער פערזאן פון משה מעטן, עס פארקניפט זיך מיט זיין גורל נאר אויבנאויפיק און קינסטלעך. אבער פאר זיך גענומען — איז דאס א קינסטלערישע נאוועלע, און זי באררייכערט אונדזער ליטע־ראטור מיט א נייער און אריגינעלער טעמאטיק. די „פאנטאסטיק" איז גענומען פון רעאלן לעבן, ניט פונעם כישוף-קעסטל פונעם שריי־בער. אין דעם פלאנטער פון סיטואציעס און אידעען פארבלייבט משה מעטן א יינגל פון ווארשע, זייער נאיוו אבער שטענדיק אויפ־ריכטיק, אין יאגעניש צו עפעס העכערס. אוודאי איז עס ניט דאס יידישע לעבן אין אמאליקן ווארשע, עס זענען טיפן אויפן ראנד פון יידישן לעבן, — פונקט אזוי ווי ליושע, פראנעק, וואנדע, דאס באפטיסטישע הייזל — זענען אויך נישט דאס פוילישע לעבן, נאר זיין ראנד, זיין קרומער שפיגל. להיפוך צו דעם זענען די אנדערע יידישע טיפן אין בוך (שיינדעלע, ר' הארשל דער בליאכאזש, סרו־לע דער מילך-ייד, גיטשע, וועלוול מגיד, צירל און ביילקע, משהם שוועסטער און שטיפשוועסטער, אויך די סאכאטשאווער חסידים) — די אלע זענען שטיקער פון יידישן לעבן-שטייגער, בילדער אין א גרויסער ארטיסטישער ראם, יעדערער פאר זיך איז א שיינע נאוועלעטע, רעאליסטיש אבער געהאלטן אין זעלבן סטיל און טאן.

דער רינג וועגן מיסיאָן אויף סעווערינאָוו פאַרקערפּערט אַ שטיק מאַסן־פּסיכאָלאָגיע, מאַסן־היסטעריע, מאַסן־איינגלויבעניש. דער רינג וועגן ענגעלשטערנען איז אַן אַרייַנדרינג אין דער נשמהס קרומע וועגן פון אַ יחיד: דער אומנאָרמאַלער ד״ר ענגעלשטערן מיט זיין גרויסקייט־מאַניע, מיט זייַנע משיח־אייַנרעדענישן, מיט זייַנע גרויסע פעיִקייטן, וואָס שטופּן אים צום אָפּגרונט; און משה מעט מיט זייַנע בלאָנדזשעניש, זוכענישן און איבערטראַכטענישן, דער שטילער משה מעט וואָס וויל זיך ראַטעווען פון זיין איינזאַמקייט און אומבאַהאָלפנקייט. און ער וואַרפט זיך פון ייִדישקייט צו קאַטוילישקייט, צו ליוטעראַנישער מיסיאָנערישקייט, צו באַפּטיסטישער פרומקייט, — דאָס איז אַ בילד פון גאָר גרויסן קוואַליטאַטיוון פאַרנעם. אין זיין יונג לעבן האָט משה מעט דורכגעמאַכט אַ סך אומגליקלעכע גראַדאַציעס און אַנטוישונגען, און איצטער — איז ענגעלשטערן זיין גרעסטע אויסגליטשונג אויפן ראַנד פון אונטערגאַנג. צום גליק פירט זי אים צו דערוואַכונג און דערמונטערונג.

## 6

עס איז אָנגענומען אַז דאָס קלאַסישע ווערק וועגן ה ו נ ג ע ר האָט אָנגעשריבן קנוט האַמסון. איינער פון זייַנע ערשטע ביכער טראָגט טאַקע דעם נאָמען „הונגער" און עס איז באַצייכנט מיטן אונטערקעפּל ראָמאַן. עס איז אַ ווערק, וואָס פאַרמאָגט מער ליטעראַרישע טעכניק און אויך חכמה, איידער קינסטלערישן טאַלאַנט. הגם דאָס גאַנצע ווערק קאָנצענטרירט זיך אַרום איין־איינציקער פּערזאָן, באַקומט זיך דאָך זיין כאַראַקטער און פערזענלעכקייט פאַרנעפּלט, פאַרפּלאָנטערט, און דער לייענער בלייַבט בייַ זיין פרעגצייכן: ווער איז אָט דער יונגערמאַן? אַ גרויסער טאַלאַנט צי אַ שלים־מזל? פּרעוואַלירט בייַ אים שטאַרקייט פון כאַראַקטער און זעלבסט־חשיבות, אָדער ער איז אַ שוואַכלינג, אומפּראַקטיש, אומבאַהאָלפן מיט איבערגעטריבענע נאַרישע אַמביציעס? איז ער פון דער נאַטור אַזאַ, אָדער דאָס האָט אים דער לאַנגדויערנדיקער הונגער זייַנער אַרייַנגעטריבן אין אַזאַ מצב? איז ער אויפן ראַנד פון היסטעריע און משוגעת, פון פאַמעלעכדיקן אונטערגאַנג.

אַן אַ ציל, אַן אַ פּאַרוואָס? איז דאָס ווערק פון קנוט האַמסון אַ קאַ־ריקאַטור אויפן דעמאָלטיקן נאָרוועגישן דורכשניטלעכן לעבן־שטייגער? פון צייט־צו־צייט וועבט האַמסון אַרײַן אינעם כמעט רעאַליס־טישן סיפּור־המעשה — טענער פון ליריק, ראָמאַנטיק, רעליגיעז־קייט. אָבער דאָס ווערק פאַרלירט פון דעם אין זײַן גאַנצקייט, אויס־געהאַלטנקייט. דאָס גאַנצע בוך איז פאַרנומען מיט איין מענטשן, אָבער סוף־כל־סוף פילן מיר, אַז דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פון אָט דעם יחיד, וואָס געפינט זיך אין די קלאַמערן פון הונגער און אין אַ צושטאַנד פון אויס־מענטש, פון חיהשקייט, — איז זייער צע־שוווּמען, סכעמאַטיש, סימפּליצירט.

די טעמע הונגער פאַרנעמט אין מ. קנאַפּהייסעס ראָמאַן נאָר עטלעכע קאַפּיטלעך, אָבער זיי האָבן זיך גאָרניט וואָס צו שעמען לגבי האַמסונס בוך. מ. קנאַפּהיים גייט צו צום הונגער פון משה מעטן מענטשלעך, כמעט נאַטוראַליסטיש. משה מעט פירט ניט קיין קאַמף מיטן רבונו־של־עולם, וואָס האָט אים אַזוי באַשטראָפט: איינ־זאַם שלעפּט ער זיך אַרום איבער די גאַסן און קוואַרטלען פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע, ער האָט ניט קיין פאַך און איז ניט אונ־טערנעמעריש. אין רעזולטאַט פונעם וועלטקריג 1914 - 18 און פון דעם לאָקאַלן סאָוועטיש - פּוילישן קריג, 1920, זעט אויס דאָס ייִדי־שע וואַרשע ווי אַ חורבן, משה איז עלנט געבליבן, פאַריתומט, אָן זײַן משפּחה; ער טראָגט איבער דעם הונגער מוטיק, שטיִף, כמעט פאַטאַליסטיש. צו דעם אַלעם פילט ער זיך דערדריקט און באַליי־דיקט אין זײַן פּאַטריאָטיזם, אויך אין זײַן ייִדישן באַוווּסטזײַן. ער וואַרפט זיך שלאָגן מיט די האַלערטשיקעס, און דאָס שעפּט אים נאָך מער אויס פיזיש.

צו ביסלעך הייבט ער אָן פאַרלירן דעם צורת־מענטש. ער פאַר־וואַנדלט זיך אין אַ שלעפּער, ער וואַלגערט זיך איבער פאַרשידענע ווינקלען פון די באַקאַנטע גאַסן — אָן אָפּשטויסנדיקער הויפן שמאַ־טעס. להיפּוך צו קנוט האַמסונס ראָמאַן, באַקענט אונדז מ. קנאַפּ־היים מיט דער ביאָגראַפיע און אָפּשטאַם פון משה מעטן, זײַנע יוגנט־יאָרן און נסיונות. די בענקשאַפט נאָך די גוטע גליקלעכע יאָרן פון אַמאָל פּײַניקט נאָך מער משה מעטן, ער לײַדט ניט נאָר פון

פיזישן הונגער נאָר אויך פון גייסטיקן, מאָראַלישן. נאָך זײַנע בײַ־נאַכטיקע שטיינערנע געלעגערס שלעפּט ער זיך אום גאַנצענע טעג מיט צעווייטיקטע גלידער און מיט אַ פאַרוואונדעטן האַרץ. ווי אַ געשלאָגענער הונט שלעפּט ער זיך אַרום איבער די באַקאַנטע געסלעך, פרוּווט אָנקלאַפּן אין אַ טיר אָבער עס באַגעגענען אים בליקן פון פאַרדאַכט און פאַראַכטונג. און ווען עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט, לאָזט ער זיך פירן פון די אַמאָליקע פוילישע קאָלעגן זײַנע און ער שיכורט צוזאַמען מיט זיי און אויף זייער חשבון. אויסגעניכטערט זיך קומט שפּעטער ווײַטער הונגער און איינזאַמקייט.

עס קומט אויף אים אַ ביטערע צײַט, ער יאָגט זיך נאָכן פּשוטן ביסל עסן, די קישקעס דרייען זיך אים איבער פון הונגער. ער קוקט אַרײַן אין די אויפגעפּראַלטע טירן פון די יידישע רעסטאָראַנען, אַן אײַנגעהויקערטער שלעפּט ער די שווערע טריט, אפשר וועט זיך מאַכן אַ לעפל געקעכץ צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. ער פילט דאָס נאָגעניש אין אַלע זײַנע אברים. „אַ רעזיגנירטער איז ער צוגעקומען, משה מעט, צו אַ ראָג גאַס. געבליבן שטיין נישט דעצידירט. פון צווייטן טראָטואַר האָט אים פּלוצעם אַ בלישטש געטאָן עפּעס גאָלדיקס, מיט אַ שופּנדיקן גלאַנץ: אַ פּערטל געוועקנדזלטער הערינג מיט אַ צעעפנטן קאָפּ איז געלעגן אין רינשטאָק. מיט אײַנגעהאַלטענע טריט, נישט צו לויפן, איז משה מעט אַריבערגעגאַנגען די גאַס. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צו געבן אַ כאַפּ די מציאה. און גלײַך זיך צוריק געצויגן ווי אַן אָפּגעבריטער. דאָס גאַנצע שטיקל הערינג האָט זיך גערויעט פון ווערעם. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, משה מעט. די ווערעם זענען געקומען פריִער, פאַר אים. דער הערינג געהערט זיי. ווי זיי פּאַרען זיך דאָס אַרום אויף אים ווי אויף אַ חתונה. צומייסטן זיצן זיי אין קאָפּ, זויגן אויס דעם מאַרך... די גרעסערע לאָזן נישט צו די קלענערע, דאָס קליינוואַרג וויל אָבער נישט אָפּטרעטן און שפּאַרט אויף זיי פון אַלע זײַטן... עס קומען כסדר צו נאָך און נאָך. אַ שנור אַ לאַנגע פון ווערעמלעך ציט אַהין און צוריק, באַלאַגערן דאָס שטיקל הערינג און דעם פּלאַץ אַרום דעם הערינג. חמרים גאַנצע. נישט צום ציילן, אַזוי פיל רויען זיי זיך, די אויסגעהונגערטע ווערעם. איצט זענען זיי די גליקלעכע, זיי האַקן די סעודה. ווען

וועט ער שוין האַלטן דערביַי, משה מעט, ער זאָל זיך קאָנען אַזוי זאַט אָנעסן ווי די ווערעם דאָ, און אומגעשטערט".

אין אַט דעם אומגליקלעכן מצב געשעט משהן אַ גליק. „אַ געלער הונט מיט אַ פּאָר בורשטין ברוינע אויגן און וויַיסן פלעק אונטערן האַלדז" — דרייט זיך דאָ אויך אַרום, ער ניוכעט אין די יִידישע גאַסן, און ער איז אַ גרויסער בריה צו דערטאַפּן עפּעס צום עסן. משה גייט אים נאָך און ער איז טאַקע מצליח, ער דערגייט דעם הונטס גרויסן סוד: יעדן טאָג אין אַ געוויסער ציַיט כאַפּט ער זיך אַריַין אין אַ באַשטימטער געביַידע, קלעטערט איבער די טרעפּ פון הויז מיט קרומגעדרייטע שטיגן, און דאָ באַקומט ער אַ גרויסע סעודה, וואָס אַן עלטערע פרוי שטעלט אים אַרויס הינטער דער טיר. דאָס געדיכטע געקעכץ מיט די שטיקער קאַרטאָפל און מייערן האָט פאַרשיכורט דעם הונגעריקן בחור. ער פאַרלירט דאָס לעצטע ביסל זשעניִרטקייט און בושה, און אויף מאָרגן איז ער זיך מקדים און קומט אויף די זעלביקע שטיגן נאָך איידער דער הונט איז דאָ, און ער היט צו דעם מאָמענט ווען די אַלטע פרוי שטעלט אַרויס דעם גן־עדנדיקן געקעכץ פאַר איר שטענדיקן קונה. „משה מעט האָט אַריַינגעטאָטעמט אין זיך דעם ריח פון דער הינטישער זופּ. ער האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן די אַלטע זאָל פאַרמאַכן די טיר. זיך אָנהאַלטנדיק מיט ביידע הענט אָן פאַרענטש איז ער אַראָפּ פון די טרעפּ און אַריַינגענומען די שיסל זופּ אין ביידע הענט, וואָס זענען געווען קאַלט ווי צוויי שטיקער איַיז. מיט דער שיסל אין דער האַנט האָט ער זיך געהויבן איבער די הויכע שטיגן, צוגע־שטעלט די ליפּן צום ברעג שיסל און מיטן זעלבן אומגעדולד וואָס דער הונט געגומען זופּן הייסערהייט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן אויבערשטן שטיגל און אין גאַנצן אַ צעפּיבערטער אַרויסגע־קריגן פון דער קעשענע אַרויס דעם לעפל. ער האָט גיריק געשלונ־גען די הייסע זופּ מיט די שטיקלעך קאַרטאָפל, פאַרבראָקט מיט שטיקלעך אַלט ברויט. אַ דערוואַרעמטער פון דעם הייסן ביסל גע־קעכץ האָט ער מיט אַמאָל דערפילט אויף זיך אַ פּאָר צעגליטע הונ־געריקע בליקן. ער האָט אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ פון דער פאַרהויכ־טער שיסל און מיט אַן אויפצאַפּל דערזען פאַר זיך דעם גרויסן ברוינעם הונט מיטן וויַיסן פלעק אונטערן האַלדז ——— אַ רויט־

פאַרשעמטער באַגאַסן מיט שווייס, האָט זיך משה מעט אַרויסגעשאַרט פונעם קאָרידאָר אין טויער אַרײַן און גערעדט צו זיך אַליין נאָכאַנאַנד :... נידעריקער קאָן מען שוין נישט פאַלן"...

גרויזאַם איז דאָס דאָזיקע בילד פון הונגער, פונעם הונגערנדיקן ייִדישן בחור. הונגער — אין זײַן גאַנצער ברוטאַלקייט און נאַקעטער צינישקייט. עס איז אַ נאַטוראַליסטישע באַשרײַבונג פון צוויי לעבעדיקע נפשות, וואָס קליגן זיך צו זעטיקן זייער הונגער. מענטש און חיה —ביידע פאַר דער זעלבער פּראָבלעמאַטיק. מענטש — דערפירט צו אַ מצב ווו ער פאַרלירט אינגאַנצן זײַן ווירדע, זײַן מענטשלעכקייט, זײַן ווילנסקראַפט. פאַרן פּשוטן שטיקל ברויט איז ער גרייט אויף אַלץ, זעט ניט קיין אָפּהאַלט. אויך בײַ קנוט האַמסונען האָבן מיר ענלעכע בילדער : כדי צו שטילן זײַן פּײַנלעכן אויסמאַטערנדיקן הונגער, קלײַבט דער העלד שפּענדלעך האָלץ און ער קײַט, נאָגט זיי אָן אַ סוף ; אַן אַנדערש מאָל קומט ער אין אַ יאַטקע און ער בעט אַ ביין פאַר זײַן כלומרשטן הונט, ער אַנטלויפט מיט דער מציאה, פּרוּווט אַרומגריזשען דעם ביין, אָפּלעקן די פּיצלע רויע פלייש, וואָס זענען געבליבן אַרום דעם ביין. דער הונגער, אין מיטן דער גרויסער שטאָט מיט אירע זאַטקייטן און לוקסוסן, דערפירט דעם יונגן מענטשן צום מצב פון מענטש אין אורוואַלד. די קרוין פון דער באַשעפעניש — אין שרעקלעכסטער ירידה. פּנים-אל-פּנים מיט דער סטיכיע פון הונגער, פאַרלירט דער מענטש די פעיִקייט צו טראַכטן און פילן, פאַרלירט די מאָס פון מאָראַלע קוואַליטעטן, ער פאַלט אַרײַן אין אַ פּאַניק פון פאַרלוירנקייט, הילפלאָזיקייט. אַזוי איז די מענטשלעכע נאַטור און דער אינסטינקט צום לעבן. עס איז איינע פון די ביטערסטע דערפאַרונגען פונעם ייִנגל פון וואַרשע. ער קײַקלט זיך אין אַ טיפן תהום. מענטש צי חיה? וועט דער מענטש מנצח זײַן די חיהשקייט? וועט דאָס ייִנגל אויסגעלייזט ווערן פון גיהנום? וועט ער געפינען פאַר זיך אַ רויִק ווינקל אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט?

## 7

דאָס ייִדישע לעבן אין אַמאָליקן וואַרשע האָט געקאָכט מיט ענערגיע, אַקטיוויקייט, לעבנסלוסט, לעבנסקאַמף און דערפינדערישקייט אין צופּאַסן זיך צו די פּאָליטישע און עפנטלעך-געזעלשאַפט-

לעכע באַדינגונגען. אַזוי האָט עס אויסגעזען אויפן סאָציאַל־געזעל־שאַפטלעכן שטח, אויפן עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכן פראָנט, און אַזוי אויך אידעיִש, גײַסטיק, פּאַרטייִיש־אָרגאַניזאַציאָנעל. פון די חסידים פון גער און ביאַלע — ביז די קעמפּעריש רעוואָלוציאָנערע קרײַזן, ביז די בויער און שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור און פון די ציש״אָ־שולן — איז דער מהלך געווען זייער גרויס און פאַרנעמיק. פון די גזשיבאָווער חסידיש־אַריסטאָקראַטישע שטיבלעך, ביז די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, קלובן און ביליקע קיכן — איז גע־לעגן אַ תהום פון אומטאָלעראַנץ און אומפאַרשטענדעניש.

דעם יידישן מיטלקלאַס און בעל־מלאכה האָט מ. קנאַפּהייס פאַרקערפּערט אין דער פּערזאָן פון ר׳ האַרשל בליאַכאַזש און סרו־לע דער מילכמאַן, וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט. מע דאַרף דאָ דערמאָנען נאָך איין פּאָרטרעט פון אָט דער גאַלעריי: אַ פּאָנטשקע־פאַבריקל אויף פראַנציסקאַנער גאַס. דער פּאָנטשקע־מאַ־כער באַזאָרגט וואַרשע מיט פרישע זיסע זעמעלעך, געפּילט מיט אײַנגעמאַכטס. עס איז אַן איין־מענטש־פאַבריק, אָבער ס׳איז אַ גע־היימע פאַבריק, אַ טריפה, אָן אַ פּאַטענט, אָן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט. די אַרבעט גייט אָן שפּעט אין דער נאַכט, אין אַ באַ־האַלטענעם חדר פון דער באַלעבאַטישער וווינונג, ערגעץ אויף אַן אויבערשטן שטאָק. דער ייִד שטייט איבער אַ באַליע צעווירטן טייג, ער צופּט דערפון שטיקלעך טייג און מאַכט פון זיי קניילעכ־לעך, אויף אַ ווײַסן באַמעליקטן בלעך באַקט ער די פּאָנטשקעס, גיט זיי אַ באַשיט מיט ווײַסן צוקער־פּודער, און שוין זענען אויסגעוואַקסן הויכע שטאָסן מיט בלעכן פּאָנטשקעס, איין בלעך אויף דער אַנ־דערער. יינגלעך, בחורים, עלטערע יידן און ווײַבער זענען די אָפּ־נעמערס פון אָט דער געהיימער סחורה. פאַרטאָג שאַרן זיי זיך אַרײַן אין הויז, מע זאָל ניט הערן קיין שאָרך, זיי אָקופּירן די טרעפּ צו דער פאַבריק, און איינציקווײַז באַקומען זיי די פרישע וואַרעמע סחורה און לאָזן זיך אַרויס איבער די גאַסן פון וואַרשע. דער פאַר־מעליקטער פּאָנטשקע־מאַכער עפנט שטילערהייט די טיר, ציילט אַרײַן אין קייבערל פון איין סוחרטע די צאָל פּאָנטשקעס און יאָגט אונטער די אַנדערע: „גיכער, באַלעמוטשעטס נישט, גרייטס צו

ס׳געלט מיט די קיישלעך... זאָגט אַ גוטן טאָג, ווײַבל, כ׳האָ נישט קיין צײַט צו אײַך, ווײַטער, ווײַטער".

אָבער דאָס אויג פון דער פוילישער פּאָליציי וואַכט. זי יאָגט זיך נאָך די הענדלערס פון די פּאָנטשקעס, אויך זיי זענען „פאַר־ברעכערס", האַנדלען אָן אַ פּאַטענט. פּאָליציי כאַפּט זיי, קאָנפיס־קירט זייער סחורה. ביז עס געשעט — איינער פון די יינגלעך ווערט געפּײַניקט דורך דער פּאָליציי, און ער גיט אַרויס דעם סוד: ווער, ווו איז די פּאָנטשקע־פאַבריק. פּאָליציי פאַרחתמעט די גרויסע אונ־טערנעמונג, מע האַלט אין איין שלעפּן דעם ייִדן צום אויספאָרשונג־ריכטער. אויס פּרנסה, אויס פּאָנטשקעס. עקאָנאָמישער חורבן.

מ. קנאַפּהיים דערציילט די דאָזיקע געשיכטע מיט שטילן הו־מאָר. דאָס בילד איז געמאָלן רעאַליסטיש, סימפּאַטיש. דער ייִד דער פּאָנטשקע־מאַכער פאַרקערפּערט דאָס לעבן פון פויליש־ייִדישן בעל־מלאכה, עס איז דער מוסטער פון ייִדישער רעכטלאָזיקייט און עקאָ־נאָמישער באַדנלאָזיקייט אין אַמאָליקן פוילן, פון דער נישטיקייט און אומזיכערקייט פון די ייִדישע פּרנסות, אויך פון די קליינע השגות פון ייִדישן מיטלשטאַנד.

אין סקיצירטע שטריכן און אָפּט פאַרבײַגייענדיק, פירט מ. קנאַפּ־היים אַרויס אויף דער סצענע פון ייִדישן לעבן — אויך די אַ ר ־ ב ע ט ע ר ש אַ פ ט. אויף אַ גרויסער מאָדערן אַוועקגעשטעל־טער קנעפּל־פאַבריק אַרבעטן ייִדישע און פוילישע מיידלעך. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין טוט אַלץ כדי צו אָרגאַניזירן אָט דעם פּראָלעטאַרישן עלעמענט. עס גיט זיך אַפילו אײַן צו דערפירן צו אַ שטרײַק פון די פאַבריק־מיידלעך. אויך דאָ האָט די פּאָליציי צו זאָגן איר וואָרט. שטרײַק איז פּאָליטישע קראַמאָלע. מען אַרעס־טירט די פירער פון דעם פאַראיין און פון דעם שטרײַק־קאָמיטעט. מע האַלט זיי אין תפיסה. די פּ אָ ל י ט י ש ע באַוועגונג פון די ייִדישע אַרבעטער שפּיגלט זיך אין קנאַפּהייסעס ראָמאַן אינגאַנצן ניט אָפּ, ער מײַדט אויס די טעמע. עס ליגט ניט אויף דער ליניע פונעם גאַנצן ראָמאַן, און דעם העלד זײַנעם משה מעטן ליגן ניט אין זינען אַזעלכע נאַרישקייטן. אָבער ייִדישע וואַרשע אין יענער תקופה האָט גראָד פאַרמאָגט אַ לעבעדיקע, רירעוודיקע פּאָליטישע

באַוועגונג, בראָש מיט דער טעטיקייט פון דער בונדישער פּאַרטיי. שילדערן אויף אַ גרויס-פאַרנעמיקן לייוונט דאָס דעמאָלטיקע וואַרשע, און אויסמיידן אָט די פּאָליטישע אַקטיווקייט פון די יידישע אַרבעטער — איז צום באַדויערן אַ גרויסער בלויז.

גראָד אין זיינע ביכער פּאָעזיע האָט מ. קנאַפּהיים פאַראייביקט אָט דעם פּרעכטיקן קאַפּיטל. אין זיין בוך „באַלאַדעס פון מיין חרובער היים" האָט ער אָפּגעדרוקט אַ „באַלאַדע פון דער פאָן וואָס האָט זיך אַליין ניט דערקענט". ער באַזינגט דאָ די גלאָריע פון דער בונדישער פאָן, ער שילדערט אַ מיי-דעמאָנסטראַציע פון בונד, בראָש פון וועלכן עס גייען —

אין פאָדערשטער ריי — מיכאַלעוויטש און כמורנער,
די חברטע דינה און זיגעלבוים, קרוק,
געטראָטן, געקנאָטן דעם וואַרשעווער ברוק.
דערנעבן גייט ערליך און אַלטער ביינאַנד
מיט דעם וואָס די פאָן פונעם בונד טראָגט געשפּאַנט.
די יוגנט פון צוקונפט, די קינדער פון סקיף
מאַרשירן אין רייען מיט בליקן פאַרבליפט.

די גרויסע פּאָעמע איז געשריבן צו דער געלעגנהייט פונעם פייערלעכן צוזאַמענקום פון די בונדיסטן און סימפּאַטיקער אין בוענאָס-איירעס (1965) ווו

אין ליכטיקן פרק־זאַל הענגט אויבנאָן
פאָן [illegible]

און דער דיכטער פאַרענדיקט די פּאָעמע:

אוי בונדישע פאָן! נעם זיך, פאָן, אין די הענט!
צי האָסטו זיך טאַקע נאָך אַלץ נישט דערקענט?
דערקענסט נישט דאָס אַלטע געזאַנג פונעם בונד?
מיר שווערן... מיר שווערן... אַ טרייהייט אָן גרונט.
אָ, שוועסטער און ברידער פון אַרבעט און נויט,
איך בין אייער פאָן! קוקט מיך אָן! איך בין רויט.

אַ שאָד, אַ שאָד וואָס האָט די אַטמאָספערע און קאַמפּגײַסט פון די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט אין מ. קנאַפּהייסעס ראָמאַן.

גאָר אַ שטאַרקן אײַנדרוק מאַכט אין דעם ראָמאַן די באַשרײַבונג ווי אַזוי די ייִדישע פליצע־טרעגערס האָבן פאַרטריבן פונעם מאַרק בײַם אײַזערנעם טויער די צעווילדעוועטע פּוילישע סטודענטן וואָס האָבן זיך געוואָרפן אויף די ייִדישע הענדלערקעס מיט זייערע נעבעכדיקע שטעלכעלעך. פריִער האָבן זיך געפּרוּווט אַנטקעגנשטעלן די „ייִנגלעך פון די חסדלעך", אָבער זיי זענען געווען שוואַך און ווייניק אין צאָל צו פאַריאָגן די סטודענטן, וואָס האָבן געאַרבעט מיט רציחה. און דאַמאָלסט — „האָבן פון די האַלעס אַרויס זיך באַוויזן עטלעכע פלייצע־טרעגערס מיט די גראָבע געפלאָכטענע שטריק אין די הענט. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן, געזען ווי די ייִנגלעך פון די חסדלעך האָבן געהאָלפן אויפשטיין די אַלטע פרויען... די טרעגערס האָבן צעקאָכטע אַ זידל געטאָן אין אָפענעם מאַרק אַריין:

„אַ ריכן אין זייער מאַמען אַראַן! נישט געקאָנט אינדז באַלד צעווייסן געבן? ווי זענען זיי די צעלייגערס? ווע מיר זיי וואַזן ווער מיר זענען. מיט די בלויזע שטריק ווע מיר זיי פאַריאָגן פון די האַלעס, אַז זייער געביין וועט זיך דאָ מער נישט ווײַזן. מעגן זיי האָבן מעסערס מיט אײַזערנע הענטשקעס. מע עט זיי פאַרטראַבן פון דאַנען ווי די חזרים, ווע מיר זיי טראַבן!"

מיט אימפעט האָבן די טרעגערס זיי אַ יאָג געגעבן אויף צוריק אינעם צעיושעטן מענטשן־קנויל. די טרעגערס האָבן אַ צעפיר געטאָן די הענט און געהאַקט מיט די שטריק ווי מיט העק. „די געפלאָכטענע פאַרוויקלטע קנוטן זענען געפאַלן אויף קעפּ און פלייצעס, איבער פּנימער און קאַרקן".

אויך די דאָזיקע טרעגערס זענען דאָך געווען מיטגלידער פון בונדישן טרעגער־פאַראיין, און נישט איינער פון זיי איז געווען אַ מיטגליד פון בונד. איין וועגעלע־טרעגער, לייבל אָבערבערג, האָט אַפילו זוכה געווען אַז בײַ די וואַלן צו דער ייִדישער קהילה אין

וואַרשע (1936) האָט דער **בונד** דורכגעפירט אים אויף דער פאַר־טייַישער וואַל־ליסטע אַלס דאָזאָר פון דער קהילה.

## 8

מ. קנאַפּהיים האָט אָנגערופן זײַן ראָמאַן מיטן נאָמען „אַ יינגל פון וואַרשע". שוין אין דעם נאָמען פילט איר, אַז איר האָט דאָ נישט צו טאָן מיט אַ טרוקן־רעאַליסטיש צי גאָר נאַטוראַליסטיש ווערק. אַ **ייִנגל** — דאָס האָט אין זיך אי ליבשאַפט, אי היימיש־קייט, ייִדישלעכקייט. נישט עפּעס אַ העלד פון דער נאָוועלע, נאָר פּשוט אַ ייִנגל', „אַן אייגן ייִנגל", „אַ צאַרט און ציטערדיק ייִנגל".

דאָס ווערק איז פאַרטיילט נישט אין שאַבלאָנע אָפּטיילונגען, נאָר אין רינגען: ערשטער רינג — צוריק אין דער היים; צווייטער רינג — אַן אורחַ אויף שבת; דריטער רינג — נאָכן רוף פונעם בלוט; פערטער רינג — צווישן ענגע מויערן. אויך די באַזונדערע קאַפּיטלעך אין די רינגען זענען אוים גאָר אַנדערש ווי די קאַפּיט־לעך אין גרוי־וואָכעדיקע ראָמאַנען. מיר האָבן דאָ קאַפּיטלעך מיט אַזעלכע נעמען: הינטער פרעמדע טירן; דער נסיון; דער פאַר־שוועכטער פּוילישער מונדיר; ערב שבת־קודש אין דער קעלער־שטוב; אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק; וואָס איינער נעמט זיך פאַר אין לעבן; אַ לבנה־נאַכט אין דער היים; פאַר איינעם אַ פרייד און פאַרן צווייטן אַ לייד; אַ פאַרשפּילט לעבן; אין אַ פרעמדער וועלט; אין טונקעלן פאַרכישופטן קרײַז; אַ פרוי מיט זיך אַליין; די אומגעזעענע ווענט.

אין דער קאָנסטרוקציע פונעם גאַנצן בוך און פון די באַזונ־דערע קאַפּיטלעך (קאַרגע 60 אין צאָל); אין די נעמען פון די קאַ־פּיטלעך און פון די רינגען, — אין דעם אַלץ פילט זיך אָטעם און גײַסט פון אַ דיכטער. עס איז פּראָזע, אָבער מיט אַ סך דיכטערי־שער פאַרב, מיט ראָמאַנטישע שטימונגען, מיט אַ פײַערלעכן צו־גאַנג צום לעבן און צום לעבנס באַשערטע רינגען; מיט אַ סך גלויבן און ליבשאַפט צום מענטשן, צו זײַנע לײַדן און לײַדנשאַפטן.

דאָס אַלץ האַרמאָנירט מיט דער **שפּראַך** און דעם **סטיל** פונעם ווערק, אין זיין גאַנצקייט און אין זיינע איינצל-בילדער און פאַרטרעטן, סיי דראַמאַטישע סיי רויק-פאָלקסטימלעכע, שטילע, געצווימטע. עפּעס אַ ספּעציעלע שטימונג הערשט איבערן גאַנצן בוך.

די גאַנצע אַרכיטעקטור פונעם בוך העלפט, אַז דער לייענער ווערט פאַראינטריגירט, עס וועקט זיין קוריאָזיטעט. הגם משה מעט איז די צענטראַלע אַקס פון בוך, שטעלט אָבער דער שרייבער נישט אַן פון מלכתחילה דעם הויפּט-ליכט-פּראָזשעקטאָר אויפן העלד, דער לעצטער שווימט אַרוים און אַנטפּלעקט זיך צו אונדז שטופּווייז. דער הויפּט-פּערסאָנאַזש איז די גאַנצע צייט אַן אָרגאַנישער טייל פונעם קאָלעקטיוו. דער סטיל, די שרייב-מאַניערע, די דערצייל-פאָרמען מאַכן דעם טעקסט היימיש, אינטים; די קינסטלערישע סצענעס און עפּיזאָדן שאַפן ריטם, העלפן פאַראייניקן די אַלע עלעמענטן אין איין רעאַליסטישע גאַנצקייט, זיי מאַכן בולט די קינסטלערישע כוונות פון דער גרויס-פאַרמאָסטענער שאַפונג. די גרויסע צאָל סצענישע דעטאַלן באַקומט אַ קינסטלערישע לייזונג, וואָס איז אַ סך מער און העכער ווי אַ פּשוטע סומע פון קאַפּיטלעך. אין דער גאַנצער קאָנסעקווענטקייט, אינעם געבוי און פאַרבינדונג צווישן די צאָלרייכע קאַפּיטלעך — לייכט אַרוים פאַרשידנאַרטיקייט, פילקאָליריקייט. אין די עמאָציאָנעלע צוזאַמענשטויסן און קאָליזיעס דערפילט איר עפּעס וואָס איז איבערצייטלעך, עפּעס וואָס באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע מאָראַלישע אַספּעקטן, אייביקע פּראָבלעמען.

די אויסערלעכע פאָרם האָט זיך גוט צוגעפּאַסט צו דער טעמאַטיק און „אידעאָלאָגיע” פון ווערק. דער פאָלקסטימלעכער אָפּט טביהשער סטיל; דער באַשיידענער נאַיוולעכער הומאָר; דאָס אָפּטע אָפּנייגן פונעם סיפור-המעשה און פאַרנעמען זיך (אויך אויפן טביהשן שטייגער) מיט לעבנס-פילאָזאָפיע, מיט ייִדישער צוקונפט, מיט פוילנס גורל; דאָס רעספּעקטירן דעם ייִדיש-פוילישן לעקסיקאָן און דיאַלעקט, די ייִדישע פּסיכאָלאָגיע און משפּחהדיקייט, — דאָס אַלץ שאַפט ריטם און סימעטרישקייט אין דער פּראָזע, עס פאַראיינ־

הייטלעך און פאַרגאַנצט דעם כאַראַקטער פונעם ווערק, טראָגט אין אים אַריַין פרישקייט און היַינטיקייט. אויך די פּאָעטישע ביל־דער פון דער פוילישער נאַטור און לאַנדשאַפט, די געזאַנגען פאַר דער פוילישער גלאָריע פון אַמאָל — טראָגן צו צו די עפעקטן און מעלות פונעם בוך.

מ. קנאַפּהייסעס ראָמאַן איז געבויט לויטן שטייגער מעשיות בתוך מעשיות. יעדער מעשה פאַר זיך איז אַ פּערפעקטע שאַפונג, רייַך מיט אײַנהאַלט און מאָלערישקייט. קנאַפּהיים דער פּאָעט גיט אַריַין אין די דאָזיקע איינצל־עפּיזאָדן, וואָס פירן זייער זעלב־שטענדיק לעבן אין זייער אייגענעם זכות — אַ סך אייגנשאַפטן פון זיַין טאַלאַנט. און גראָד די איינצלנע עפּיזאָדישע סצענעס אָדער פּאָרטרעטן זענען זייער טרעפלעך און איבערצייַגנדיק. דאָס ווערק איז רייַך מיט אָבסערוואַציעס. רויִק, עפּיש שפּינט קנאַפּהיים די דאָזיקע סצענאַרן. מיט אינטימע געפילן שילדערט ער דעם מקום, די אַלטשטאָט פון וואַרשע, אירע מויערן און היַיזער. מיט הומאָר ווערן געשילדערט די יידישע טיפּן פון וואַרשע: וועלוול מגיד, גי־טשע און אירע קליענטקעס, דער מאָוועטישער שפּיאָן — דער אָדע־סער ייִד באַרים, משהם שוועסטער און שטיפשוועסטער, — יעדע־רער אין אַ באַזונדער עסטעטישער ראַם. אַפילו די אומזיניקע שי־כורע געשלעגן אין די באַרן און אויף די גאַסן, אין זייער גאַנצער ברוטאַלקייט און ווילדקייט זענען גרויסע לייַוונטן געמאָלן מיט קראַפט און פאַרמעסט. און ווי שיין און מיט וועלכע צאַרטע גע־פילן און קאָלירן איז געשילדערט די נאַטור — אין זומער און ווינטער, אין רויִקער שטילקייט און אין שטורמישע רעגנס. די האַנט פונעם דיכטער און מאָלער פילט זיך אין אַלץ. אַזוי אַרום שפּילן די איינצלנע קאַפּיטלעך און סצענעס אין די רינגען — אַ גרויסע ראָל אין דעם בוך.

דער כוח און ווערט פונעם בוך ליגט נישט אין דער גאַנצער ראָמאַן־שאַפונג, מיר האָבן דאָ נישט איין טעמע אָדער געשעעניש וואָס גייט אַדורך איבערן גאַנצן בוך, פאַרטראַכט פון אַנהויב אַי־דעיִש־קינסטלעריש און דערפירט ביז אַ קינסטלעריש־פּסיכאָלאָגישן סוף. און ווען ס'קומט דער סאַמע סוף פון בוך, און דער הונגערי־

קער משה מעט פאַלט אַרײַן אין אַ פּרײַטיק צונאַכט צופעליק אין בית־מדרש פון די סאַכאַטשעווער חסידים, און דער געלער סרולע נעמט משהן פאַר אַן אורח אויף שבת און ברענגט אים צו שיינ־דעלען און גיטשען, שטאַמט עס נישט אַרויס לאָגיש קינסטלעריש פונעם גאַנצן פאַרלויף פונעם ראָמאַן, עס איז צופעליק אַזוי ווי אַ סך זאַכן דאָ זיינען צופעליק און אומגעריכט. דער אָנזאָג וועגן אַ „לײַטישן שידוך", וואָס שיינדעלע די מאַמע זעצט דאָ אַדורך צום סוף פון בוך, קלינגט אָנגענעם און סענטימענטאַל, אָבער דעם ראָ־מאַן איז עס גאָר ווײַט פון אַן ענדע.

* * *

דער ייִדיש פון מ. קנאַפּהייסעס בוך איז פון הויכע קוואַליפי־קאַציעס. ער איז זייער רײַך מיט אידיאָמס, מיט וואַרשעווער ייִדי־שע לאָקאַליזמען און פּראָווינציאַליזמען, ער גיט די אויסדרוקן און פאָרמען פונעם פויליש־ייִדישן אַקצענט און אויסשפּראַך, — אי־בערהויפּט ווען די טעמאַטיק איז ייִדישע סביבה אָדער עס גייט אַ שמועס צווישן היימישע ייִדן און פרויען. איך האָב 20 יאָר געלעבט אין וואַרשע און מײַן אויער האָט זיך גוט צוגעוווינט צו די דאָ־זיקע ספּעציפישע רעד־אַרטן און פאָרמען, אָבער בײַ קנאַפּהייסן האָב איך אָנגעטראָפן אויף טריט־און ־שריט נײַע ווערטער און זאַץ־קאָנסטרוקציעס, ווערטלעך און שפּריכווערטער און זאָגעכצן, וואָס האָבן טויזנטער חנען און קלינגען מיט אַן אויסטערלישער מוזיקאַלישקייט. קנאַפּהייסעס בוך איז פאַרן שפּראַכפאָרשער אַן אוצר, וואָס פאַרדינט צו ווערן אַנאַליזירט און אָפּגעשאַצט. דער עיקר גייט דאָ וועגן גוט באַקאַנטע ייִדישע ווערטער, וואָס ווערן באַנוצט אין אַ גאָר נײַער געוואַגטער קאָמבינירונג. נישט נאָר באַרײַכערט עס דעם ייִדישן לעקסיקאָן, נאָר עס ברענגט אין אים אַרײַן אַ פאָלקסטימלעכע דערקוויקונג און באַטעמטקייט. עס איז די שפּראַך פונעם ייִדישן שוואַרצערד, די שפּראַך וואָס קומט פון די סאַמע וואָרצלען פון דער ייִדישער נשמה און גײַסט, די שפּראַך וואָס איז אויפגעכאָוועט געוואָרן דורך דורות ייִדישע מענטשן פון אַלע מדרגות.

ווען עס קומט דער פערטער און לעצטער רינג, ווו די טעמאַ־טיק טוישט זיך אינגאַנצן — פון יִדישן לעבן־שטייגער און סביבה — צו דער פוילישער פרעמדער וועלט, מיט די קלויסטערס און שענק, ענדערט זיך אויך דער סטיל פונעם אויטאָר. איצט רעדט ער, ניט דאָס פאָלק, ניט זײַן פאָלק און מענה־לשון. די פּראָזע באַקומט אַן אַנדער קאָליר, דורכגעשפּרינקלט מיט ביכערישע מליצה. אַוועק איז די רויִקע פליסיקייט פון די ערשטע רינגען, זייער אײַנגע־שטעלטע שטילקייט, און אַנשטאָט דעם קומט אַ נערוועזישע שטימונג, אַ שטענדיקע סכנה פון אויפברויזן און אויפקאָכענישן; פאַרלוירן ווערט די זאַפטיקייט, די חכמה און קוואַליקייט פונעם יִדישן לשון, די פּראָזע ווערט אינטעלעקטועל, פּובליציסטיש און עס ווערט אָפּגעטאָן די יום־טובדיקייט, גוטמוטיקייט, מענטשישקייט.

* * *

פאַראַן גרויסע שרײַבערס, וואָס האָבן זייער גאַנצן טאַלאַנט אָפּגעגעבן אויף קליינע דערציילונגען און נאָוועלעטן; זיי האָבן אפֿי־לו נישט געפּרוּווט שאַפן אַ גרויס ווערק, אַ ראָמאַן מיט קאָמפּלי־צירטן אינהאַלט און פּראָבלעמאַטיק. פאַראַן ווידער שרײַבערס וואָס האָבן זייער פעדער געווידמעט אויסשליסלעך דעם ראָמאַן און זיי האָבן קיין מאָל ניט אָפּגעגעבן זיך מיט דער קליינער נאָוועלע. פון דער אַנדערער זײַט זיינען דאָ שריפטשטעלערס פון גאָר גרויסן פאַרנעם, וואָס האָבן אויסגעניצט זייערע קינסטלערישע כוחות אויף ביידע אָנגערופענע געביטן. מיר ווייסן אויך פון שרײַבערס וואָס האָבן זיך מיט זייערע ערשטע ווערק פאַרמאָסטן אויף אַ גרויס־טעמאַטישן ראָמאַן אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך אַריבערגעוואָרפן אויף דער קליינער נאָוועלע.

ראָמאַן צי נאָוועלע? וועלכע פון זיי איז רײַכער מיט קינסט־לערישע דערגרייכונגען, מיט פאַרטיפטע אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישע שטודיעס, אָדער מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען? וועלכע שעפערישע שטרויכלונגען האָבן שרײַבערס פון ביידע מינים אָנגעטראָפן אויף זייער וועג? וועלכער מין האָט געבראַכט מער ברכה פאַר דער יִדישער ליטעראַטור?

מ. קנאַפּהייס האָט געפונען אַ וועג אויף צו פאַראייניקן די ביידע מינים שאַפונגען. פאַרמאָסטן זיך אויף אַ גרויסן ראָמאַן מיט אַ קאָמפּליצירטן אינהאַלט, האָט ער אין אים אַריינגעוועבט אַ סך גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, עפּיזאָדן און טיפּן, וואָס קוואַליפיצירן זיך פאַר זעלבשטענדיקע נאָוועלן. דורך אויסערלעכע אַרכיטעקטאָנישע מיטלען האָט ער זיי איינגעשפּאַנט פאַרן ציל פון אַ גאַנצן אידעיִש־קינסטלערישן בנין. אין זיין פּאָעזיע איז דאָ אַ סך עלעמענטן פון נאַראַציע. און אָט דער זכות איז אים בייגעשטאַנען ביים שאַפן דעם גרויסן ראָמאַן „אַ יִינגל פון וואַרשע”.

* * *

מ. קנאַפּהייס האָט ליב מענטשן און ער רעדט וועגן זיי מיט הומאָר. זיין סטיל ווערט דעמאָלט ווייכער, מילדער, איינגענעמענער. ער האָט ליב וואַרשע, די ווייסל, דעם מקום, די גאַסן, דעם פּוילישן האַרבסט און ווינטער. זיין פאָלקסטימלעכע שפּראַך, זיין דורכגעוויקטקייט מיט יִדישן אידיאָם און גלייכווערטל, זיין געמיטלעכקייט — העלפט אים אַרויסצוברענגען אַלץ מיט שיינקייט, מיט ליבשאַפט. ליריזם, נאָסטאַלגיע איז ביי אים פאַרקניפּט מיט רעאַלע בילדער און מיט פאָרטרעטן פון די מענטשן. אין זיינע נאַטור־באַשרייבונגען איז דאָ אַ סך פּאָעטישע שטימונג און בילדערישקייט. נאַטור איז פאַר אים ניט קיין אַבסטראַקציע, זי איז ביי אים שטענדיק געבונדן מיט דער סביבה און לעבנשטייגער, מיט די מענטשן אַרום, דער עיקר מיט יִדן. די יִדן פון פראַנציסקאַנער גאַס און פון קאָזלע געסל, די סאָכאַטשעווער חסידים, די יִדן אין קראַשינסקיס גאָרטן, די יִדישע בעל־מלאכות און מענטשן פון האָרעוואַניע און נויט, און מער פון אַלץ די שטאָט וואַרשע, — זיי האָט מ. קנאַפּהייס געווידמעט זיין שפּראַך און טאַלאַנט, זייער לשון און אויסשפּראַך האָט ער פאַראייביקט אין זיין בוך.

זיין סטיל האָט רייכקייט, בייגעוודיקייט, שפע פון שפּראַך און בילד. יעדער סצענע, יעדער סביבה — מיט איר ריטם און אימפּעט, מיט איר אייגענעם און אָריגינעלן נוסח. זיין שרייבן, זיין

דיאַלאָג האָט אַ סך קאָליר און לופט. אַלע זײַנע שאַפונגען בכלל פאַרמאָגן אַ גרויסן דיאַפּאַזאָן. זײַן וואָקאַבולאַר, זײַן בוי פון זאַץ, די גראַמאַטיקאַלישע אייגנשאַפטן פון זײַן פּראָזע — אַלץ איז טיפּיש ייִדיש-פּויליש.

מע וואָלט געקענט צוליב אילוסטראַציע ציטירן און אַנאַליזירן איינצלנע זאַצן און פּאַראַגראַפן פון בוך. אַ סך וויכטיקער אָבער איז דער אײַנדרוק פונעם ראָמאַן ווי אַ **גאַנצקייט**. יונגשאַפט און „ייִנגלשאַפט" שוועבט איבערן גאַנצן בוך, שאַפט זײַן אייגענעם סטיל און כאַראַקטער. עס איז אין גײַסט פון דער ראָמאַנטישקייט און פײַערלעכקייט אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון פּוילן. דאָס איז די אַטמאָספערע אין גאַנצן ווערק. דאָס איז זײַן סטיל. אַפילו די סלאַוויזמען, פּאָלאָניזמען אין זײַן שפּראַך האַרמאָנירן מיטן גאַנצן כאַראַקטער פונעם ראָמאַן.

עס איז ניט ריטם פון ווערטער און פון פראַזן, עס איז ריטם פון גאַנצקייט, פונעם ווערק ווי אַ גאַנצקייט און יחידישקייט. עס איז ריטם פון שלימות. דאָס איז דער כאַראַקטער פון מ. קנאַפּהייסעס סטיל.



# עשרה הרוגי-מלכות אין וואַרשעווער געטאַ



אויפן אָנדענק־אָוונט אין יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, איינגעאָרדנט דורך דער געזי „קולטור און הילף א״נ אַרטור זיגעלבוים״: דער דיכטער משה קנאַפּהייס לייענט פאָר זיינע שאַפונגען פון חורבן

## קאַפּיטל 1



ווײ סיוזשעטן, צוויי פּאַבולעס האָט דאָס דאָזיקע בוך: א) די צען קרבנות פון רוימישן טעראָר און אכזריות, ב) די טאָ־טאַלע פאַרלענדונג פון פּוילישן ייִדנטום דורך די נאַציס און דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

דער גורל פון די צען קדושים געהערט ניט צו ייִדישער גע־שיכטע אין פּאָליטישן באַטײַט פון וואָרט, נאָר צו דער ייִדישער לעגענדע, צו די דערציילונגען פון פאָלקסמויל. אין די פאַרשיי־דענע אַלטע מקורים ווערט אָנגעוויזן, אַז די צען הרוגי מלכות זיינען נישט אומגעבראַכט געוואָרן אַלע אין איינעם, אין איין צײַט. אַנדערע מקורים גיבן אַפילו אָן מער ווי צען הרוגי מלכות. שמעון דובנאָוו טיילט אויס ווי העראָיִשע פאָלקספירער און ווי פּאָליטישע מאַרטירער — נאָר עטלעכע פון די תנאים: ר׳ עקיבא, ר׳ ישמעאל בן אלישע (דעם זון פון געוועזענעם כהן־גדול), ר׳ חנינא בן תרדיון, יהודה בן בבא. „די תלמודישע ידיעות וועגן דעם, שרײַבט דובנאָוו, טראָגן אַ לעגענדאַרישן כאַראַקטער, און עס איז דעריבער נישט מעגלעך פעסטצושטעלן ווער פון די גײַסטיקע פאָלקספירער האָט געליטן בעתן בר כוכבא־אויפשטאַנד און ווער שפּעטער, אין די יאָרן פון די רעליגיעזע רדיפות".

די טראַגעדיע פון פּוילישן ייִדנטום באַווײַזט זיך אין מ. קנאַפּ־הייםעס ווערק שוין אויפן ערשטן שער־בלאַט: עס איז דאָ אָנגעגע־בן, אַז דאָס בוך איז געהייליקט דעם אָנדענק פון אַן ערך 50 אומ־גערעכנטע מיטגלידער פון דיכטערס גרויסער משפּחה, אַלע „אומ־געקומען ערב, בעת און נאָכן אויפשטאַנד אין 1943, אין די פּלאַ־מען פון וואַרשעווער געטאָ און אין די קרעמאַטאָריעס פון טרעב־לינקע, מײַדאַנעק און אוישוויץ". דאָס איז די אַטמאָספערע אין די ראַם פון בוך.

בײַם סוף פון בוך דערציילט מ. קנאַפּהיים, אַז ער האָט זײַן ספר־הקדושים, וואָס איז דערשינען אין 1969 אין בוענאָס־אײַרעס, „געשריבן מיט לענגערע איבעררײַסן אין משך פון 19 יאָר, אָנגע־הויבן שרײַבן פרילינג 1948 אינעם חרובן טויטן וואַרשע... געענ־דיקט דעם 17טן אָקטאָבער 1967, אינעם 24סטן יאָר פונעם אויפ־

שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז אויסגעבראָכן ערב פּסח און האָט זיך געענדיקט מיטן אומקום פֿונעם לעצטן וואַרשעווער ייִד״.

עס איז אַ בוך וואָס מע דאַרף ניט און מע קען ניט „איבער־לייענען״, הגם דער לייענער ווערט פֿאַרכאַפּט און קען זיך ניט אָפּ־רייַסן. מע דאַרף עס לייענען צוביסלעך, לייענען שטילינקערהייט. לייענען און איבערקאָכן, אייַנזאַפּן די שטימונגען, די פֿייַערלעכע טיראַדעס. אָפּרוען פֿון דער טראַגיק וואָס איז אויסגעגאָסן אויף יעדן בלעטל, און נאָך אַמאָל לייענען, פֿאַראייגענען דעם ריטם און כאַראַקטער פֿון סטיל, לייענען מיטן טראָפּ פֿון איכה...

אין דער רעדע, וואָס חיים גראַדע האָט געהאַלטן סוף 1970 אין תל־אביב בעת עס איז אים און דעם דיכטער יעקב פֿרידמאַן צוגע־טיילט געוואָרן די ליטעראַטור־פּרעמיע אויפֿן נאָמען פֿון איציק מאַנ־גער, האָט ער אַרויסגעבראַכט אַ סך טיפֿע און שיינע געדאַנקען וועגן פּאָעזיע בכלל און וועגן איציק מאַנגערס טאַלאַנט בפֿרט. צווי־שן אַנדערע האָט חיים גראַדע געזאָגט: „אַ סימן מובהק פֿון אַ מייַס־טער איז, דאַכט זיך מיר, אין דעם וואָס מע קען לויט זייַן שאַפֿונג נישט וויסן וויפֿל ער האָט געהאָרעוועט ביז ער האָט אַרויסגעבראַכט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן. דער לייענער האָט דעם אייַנדרוק, אַז דער פּאָעט האָט אַ רגע ניט געבלאָנדזשעט, אַז זייַן אינספּיראַציע האָט אים געפֿירט גלייַך צום ציל. אָבער דאָס איז נישט אַזוי״.

דער לייענער פֿונעם בוך „עשרה הרוגי־מלכות״ וועט זייַן אי־בערראַשט פֿון מ. קנאַפּהייסעס דערציילן, אַז ער האָט געהאָרעוועט אויף זייַן בוך 19 יאָר. בייַם „דורכקוקן״ דעם בוך קען זיך דעם לייענער דאַכטן: וואָס קען זייַן לייַכטער ווי צו שרייַבן אויף דער טעמע חורבן פּוילן און אויף דער טעמע עשרה הרוגי מלכות, עס איז דאָך אַ פּאַרטיקע סכעמע. דעם לייענער קען זיך אויסווייַזן, אַז די הונדערטער בלעטער מיט די לייַכטע 2־שורהדיקע סטראָפֿעס זייַנען באָמבאַסטיש און געקינצלט. שפּעטער איבערצייַגט זיך דער לייענער, אַז זייַן אייַנדרוק איז דורכויס פֿאַלש.

עס איז אַ גרויסע אידעע — אַראָפּברענגען די עשרה הרוגי מל־כות קיין וואַרשע, לאָזן זיי שפּאַנען אויף די חורבות פֿון די ייִדישע

הײַזער, איבער די פאַרשאָטענע בונקערס, וואָס זענען אָנגעפּילט מיט ייִדישע מתים. לאָזן זיי שפּאַנען אין דער באַגלייטונג פונעם לעצטן וואַרשעווער ייִדן, אויסהערן זײַנע טענות צו גאָט, צו דער וועלט, צו ייִדישער געשיכטע און גורל. עס איז אַ גרויסע אידעע —ציִען דעם גאָלדענעם פאָדעם צווישן דעם אַמאָל פון פאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק און צווישן דער ייִדישער מילחמה פון 1939 — 1945. ציִען דעם פאָדעם צווישן דער נאַציאָנאַלער לעגענדע פון אַמאָל און דעם טראַגישן רעאַלן סך-הכל פון הײַנט. עס איז אַ שריפט פון קדושים, געשריבן מיט קינסטלערישן טאַקט, מיט קולטור פון נאַציאָנאַלער אַחריות, און מיט אַחריות פאַר דער ייִדישער ליטע־ראַטור און פּאָעזיע.

דער דאַזיקער מאָדערנער עפּאָס פון מ. קנאַפּהיים באַשטייט פון צען „זעאונגען" — אין יעדער זעאונג ווערט אַרויסגעבראַכט איי־נער פון די צען מאַרטירער, ציטירנדיק די ווערטער פון „קינות צו תשעה באב" וועגן די עשרה הרוגי מלכות, ציטירט מ. קנאַפּ־היים אין ייִדישער איבערזעצונג:

**דאָס בלוט זייערס איז געוואָרן פאַרגאָסן**<br>
**און ס'האָבן זיי די כוחות פאַרלאָזן.**<br>
**אָט די הייליקע הרוגי מלכות די צען**<br>
**באַוויין איך, ווי ס'וואָלט אַצינד געשען,**<br>
**און די אויגן מײַנע ווערן**<br>
**מיר אויסגערונען מיט די טרערן.**

צען זעאונגען, צען פאַנטאַסטישע באַהעפטונגען פון היסטאָרי־שן נעכטן און הײַנט, און צען נאָכזעאונגען, וויזיעס. צען שווידער־בילדער פון פּײַניקונג און מאַרטירערײַ — פון יחידים און פון דער גאַנצער עדה. ברוטאַלע קראַפט — און הילפלאָזע מאַסע, אָן אויסזיכט אויף גובר צו זײַן דעם שונא. גײַסט — פּנים אל פּנים מיט חיהשקייט, מיט פיזישער גבורה פון מאָנסטער־רוצח.

* * *

אָן איינציקער ייִד איז געבליבן נאָכן נאַציאָנאַלן וויכער. איין געטאָ ייִד בלויז, פון אַ גאַנצער עדה ייִדן ער איינער געבליבן

לעבן, און פון זײַן גאַנצן האָב און גוטס נאָר איין געלער ספר געבליבן אים.

**פון פאָלק, פון דער עדה, פון טאַטעס און זיידעס,**
**איז ער מיטן ספר — די לעצטע צוויי עדות.**

ווער קאָן אים דאָ העלפן אין זײַן פינצטערן בונקער, אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון די מײַז און שטשורעס?

**און פּלוצעם — אַ האַנט גיט אַ מיש און אַ בלעטער,**
**די צײַט גיט אַ יאָג מיט אים ווי און אַ קלעטער.**
**המונים, געפּילדער, ס'איז רוים פון פּאַרצײַטנס.**
**דער שטראָם ציט צעכוואַליעט פון אַלע פיר זײַטן**
**אַרויפצו, אַרום עשאַפאָט מיט די קייטן.**

מע פירט צו דער תליה ר' ישמעאל כוהן גדול. זײַן בילד-שיין פּנים דערמאָנט מלאכישע שיינקייט. דעם קיסרס טאָכטער בעט מע זאָל פון אים די הויט, „די איידעלע הויט פונעם ייִדישן טרוי-מער" אָפּשינדן און שיילן, כדי זי זאָל זיך אין דער הויט זײַנער שפּיגלען.

**דער געטאָ ייִד זעט: ר' ישמעאל רויט ווי אַ צונטער.**
**פאַרשטשעמעט אין שווײַגן שווין — לאָזט זיך אַרונטער.**
**זיי פאַלן אין איינעם צו דר'ערד צו, געזונקען**
**און שלאָגן זיך אָן אין דער שוועל פונעם בונקער.**

אָט אַזוי ענדיקט זיך יעדערע פון די צען זעאונגען. אויף אַ מי-נוט באַווײַזט זיך די ליכטשײַן אין הייל. דער לעגענדאַרער מאַר-טירער וויל מיט זײַן אייגענעם פּײַן שטילן די פּײַן פונעם געטאָ-ייִד. „ער נעמט אָן ישמעאלן און שטייט מיט אים אויף/ און עס וואַקסן אויםביידע צום שטידל אַרויף".

מעכטיק און מאָנומענטיש איז די געשטאַלט פון ר' עקיבא בן יוסף אין דער דריטער זעאונג.

**פאַראַנען טעג לאַנגע ווי יאָרן, און שעהן —**
**אַן אייביקייט, גרענעצלאָז, גלײַך צו שגעון.**

דער געטאָ-ייִד איז ווײַטער אַליין, ער האַלט די הענט אָנגע-

שפּאַרט אויפֿן ספר. אומקום־געדאַנקען האַלטן אים אין צוואַנג. בילדער פֿון נעכטן. ער האָט זיי פּאַראייגנט אין פֿײַער פֿון לײַדן. און ווידער אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אים פּלוצלינג און צעעפֿנט זיך די געהיימטיר פֿון בונקער. עס שטייט פֿאַר אים ר׳ עקיבא. אַ צעבלוּ־טיקטער, פֿאַרפּײַניקטער, זײַן לײַב איז צעפּליקט און צעריסן. צוויי נאַציאָנאַלע מאַרטירערס טרעפֿן זיך אויפֿן שיידוועג פֿון דורות. זייער דיאַלאָג צעטרייסלט, דערשיטערט. ביידע דערציילן פֿון אויפֿ־שטאַנדן — איינער קעגן די רוימער, דער צווייטער — קעגן דעם דײַטש. איינעם האָבן די רוימער דאָס לײַב זײַנס געשונדן, בײַם צווייטן האָט דער דײַטש „דאָס פּעטס פֿון די ייִדן פֿאַרוואַנדלט אין זייף״. און דעמאָלט הערן זיך פֿון מויל פֿונעם תנא ווערטער פֿון טרייסט, דערמוטיקונג. עס איז די גרויסקייט פֿונעם זעער, וואָס ער זעט די צוקונפֿט, דעם אייביקן ציל פֿון פֿאָלקס עקסיסטענץ.

ניין, זאָג נישט, מיר זענען פֿאַרמשפּט צום שטאַרבן.
פֿאַרמשפּט אויף אייביקער חרפּה און שאַנד איז
דער שונא — די קינס, די רוצחישע באַנדעס.— — — —
אַ לייבן־געבריל פֿון מיליאָניקע מײַלער
וועט קאַטעווען, בײַטשן דעם דײַטשהונט, דעם קײַלער.
דער האַרבער פּסק־דין וועט בײַם האַלדז טון אַ פּאַק אים,

ס׳קריגט פֿליגל דאָס פֿײַערוואָרט וואָס קומט ממעמקים.

* * *

אָט אַזוי גיסט זיך דער חורבן־עפּאָס, אין פּשוטע ווערטער, אין איינפֿאַכע גראַמען. דאָס זײַנען די רייד פֿון פֿאָלק, ר׳ עקיבא איז איינער פֿון זיי. דער איינציקער געטאָ־ייִד סימבאָליזירט אַ גאַנץ פֿאָלק, אַ תקופֿה ווען שעהן האָבן אויסגעזען ווי אייביקייט, „גלײַך צו שגעון״. די רייד זענען געשריבן מיט בלוט. ר׳ עקיבא און זײַן ליבלינג בר כוכבא האָבן פֿאַרשפּילט דעם צוויי־קאַמף קעגן רוים; פּויליש ייִדנטום האָט פֿאַרשפּילט וואַרטנדיק אויף דער הילף פֿון דער וועלט. די וועלט האָט זיך אויפֿגעכאַפּט צו שפּעט, זיך גענומען צום געווער צו פּאַמעלעך, געצווייפֿלט אין די אייגענע כוחות און מעגלעכקייטן. ר׳ עקיבא, וואַרשעווער געטאָ — איין

גורל, אין איין קייט געשמידט. עס איז איין פײַער־מגילה, די זעלבע נסיונות און האָפענונגען.

* * *

פאַר די אויגן פונעם איינציק פאַרבליבענעם געטאָ־ייִד טראָגן זיך די בילדער פון וואַרשעווער געטאָ. אין נוסח פון ז. סעגאַ־לאָוויטשעס חורבן־ איכהם דערמאָנט זיך דער ייִד פון די בונקערס — דאָס מאַרשירן פון די דײַטשע חילות, די מאַכט פון זייער וואָפן, דעם אומזין און שוידער פון זייערע מאָרד־מעשים. גרויזאַם איז די מאָרד־טאַט פון די נאַציס, הונדערט מאָל שרעקלעכער איז זי ווען מע דערמאָנט זיך די ייִדישע באָבעס און מאַמעס, זייער ציטערן און בעטן גאָט ווען געזונט און גליק פון זייערע קינדער, „מ׳האָט דורות דערצויגן אויף תפילה און טבילה”, די טאַטעס — „געתהילימט, געזיפצט און געדאַוונט”.

**(רבונו) של עולם, וואָס האָסטו געוואָלט פון אונדז האָבן?**
**האָסט אַלץ מיט אַנאַנדער געכאַפּט און באַגראָבן.**

דער געטאָ־ייִד שפּאַנט ווײַטער אין באַגלייטונג פון ר׳ שמעון פון לינקס, ר׳ ישמעאל פון רעכטס און ר׳ עקיבא פון הינטן. זיי שפּאַנען איבער די וואַרשעווער מאַסן־קברים, און „קרעכצן פון גסיסה, פון מיתה משונות דערגרייכן / צו זיי פון די זײַטן, פון נידער און הייכן”.

**אין פירן זיי גייען אַלץ ווײַטער און גייען**
**און הערן אַזוי פון פײַער געשרייען.**

דער פערטער פון די עשרה הרוגי מלכות, חנינא בן תרדיון. די טריאומפירנדיקע רוימער פירן אים צום פאַרברענען, מע וויקלט אים אײַן אין זײַנע תורה־יריעות, מע באַלייגט זײַן ברוסט מיט נאַסע טיכער.

**אַרום אים, אין אַנגסטן און צער, די תלמידים,**
**אַ תלמיד פאַרבלאַסט גיט אַ פרעג שוואַך און מיד אים:**
**— זאָג רבי, וואָס זעען אַצינד דײַנע אויגן?**
**— איך זע... ווי די אותיות... וואָלטן געפלויגן...**

אַזוי שטאַרבט דער גײַסטיקער פירער פון פאָלק. אַלץ פאַר־שווינדט, און דער געטאָ־ייִד בלײַבט ווידער אַליין, געבראָכן פון צער, פּנים אל פּנים מיט דער קופּע שוואַרצקויליקע ביינער.

די אויטאָ־דאַפּע איז די זעלבע וואָס יענע.
מע קאָן די קרבנות אויך דאָ ניט דערקענען...

וואָס זאָל ער טאָן, דער געטאָ־ייִד? קלײַבן די ביינער, די אַשן, די שיימות? די שטיקלעך און ברעקלעך, די קינדערשע היטעלעך און שיכעלעך? „צונויפקלײַבן אַלץ אין אַ באַרג ביז צום הימל"? צו־ביסלעך דערוועקט זיך אין אים דאָס געפיל פון ייִדישן נצח, דער גײַסט פון ייִדישן גורל, און ער דערהערט אַ שטים וואָס רופט צו אים:

דײַן אויג זאָל זײַן וואַך צום אַרום... האַלט עס אָפן,
ס'זאָל אײַנזאַפּן ס'גרויל־בילד אין שעה פון די סופן.
שטיי אויף, הייב זיך אויף אָט אַזוי, ס'איז באַשערט דיר
צו גיין נאָך, צו זײַן נאָך אויף ערגערע ערטער.
ער לאָזט אויפן וועג דעם פאַרלאָשענעם שײַטער,
די ביינער פאַרקוילטע — און גייט אַוועק ווײַטער.

דער אייביקער ה. לייוויקשער רוף — „און מ'גייט אַוועק ווײַ־טער"...

* * *

אַזוי ציִען זיך די איכהס וועגן אַמאָל און די האַלוצינאַציעס וועגן הײַנט, די בילדער פון די רוימישע מאַרטירער און פון די ייִנגלעך פון וואַרשעווער געטאָ, „די קעמפּערס פאַרשאַנצט אין די שפּאַלטן, רואינען", — אַזוי גייען זיי געאַרעמט, געפלאָכטן צוזאַ־מען אין איין גורל. דאָס ייִנגל וואָס פאַלט אַרײַן דורכן פאַרראַט פון די פּוילישע שכנים, אין די הענט פון געסטאַפּאָ, ווערט גע־פּײַניקט ביז יציאת נשמה; דאָס ייִנגל האַלט אײַן דעם סוד וועגן די בונקערס פון די קעמפּערס — ביזן לעצטן בליק פון זײַן יונג

לעבן, — דאָס יינגל ווערט אַריינגענומען אין יידישן מאַרטירלאָג צו גלייכן מיט ר׳ יהודה בן בבא —

**דער תנא וואָס האָט זיך געלייגט ווי אַ שטאָבע**
**ביים ראַנד פון די בערג צווישן אושאַ און שפרעם**
**צו קאָנען מיט אייגענעם קערפער פאַרשפּאַרן**
**דעם איינציקן דורכגאַנג פאַר זיינע תלמידים,**
**זיי זאָלן באַוויזן אַנטלויפן... און מיטן**
**געבליבן איז פעלדזיק ר׳ יהודה דער זקן —**
**פון אָרט נישט צו רירן — אַ לייב אומדערשראָקן.**

צי האָבן מיר ניט געהאַט אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד ענלעכעביישפּילן פון העראָישקייט און קידוש השם?

אין דער זעקסטער זעאונג דערמאָנט זיך דער געטאָ־ייד דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן אין קאַרטשעוו ביי וואַרשע, יידן פּראַווען אַ סיום הספר, מיט קלעזמאָרים און מיט פייער־שטורקאַצן פירט מען אַריין די נייע ספר־תורה אין שול אַריין. אונטער אַ חופּה „באַהאַנגען מיט פליטערלעך, גלעקלעך און קריינדלעך".

צוזאַמען מיטן עולם גייט דער מאָדזשיצער רבי, ער האָט פאַרפאַסט אַ נייעם ניגון לכבוד דעם יום־טוב. מיט אַמאָל — דעם רבינס זעאונג, ער זעט מיט רוח הקודש, אַז ר׳ היימלען איז באַשערט אויפצוטאָן גרויס מסירת־נפש אין אויפשטאַנד קעגן די דייטשן. מיט אַ ציטער אין קול רופט דער רבי אויף: ר׳ חיימל! ר׳ חיימל! אַן אות שרייבט! אַ יוד, פון די לעצטע אין ספר!". שפּעטער, בעתן אויפשטאַנד, געהערט ר׳ חיים צו דער אויפשטענדלער־גרופּע פון נאַלעווקעס 19. מע געטרויט אים אָן די אויפגאַבע צו מאַכן אַ סוף צום מסור־יונג וואָס דינט דער געסטאַפּאָ. ר׳ חיימל האָט רויִק אָוועקגעלייגט איציקן דעם מסור. ער האָט אויסגעפירט זיין אויפגאַבע „און ס׳מויל דעם מסור פאַרשטומט". דעם אורטייל פונעם שטאַב פון אויפשטאַנד האָט ר׳ חיימל אויסגעפירט „אָן וואַקל, אין סאַמעטן היטל און זיידענעם סאַקל". די געסטאַפּאָ האָט אים געכאַפּט, געפּייניקט, אָבער ער האָט קיינעם ניט אַרויסגעגעבן.

ר׳ חיימל איז ניט דער איינציקער.

נפתלי בעל־עגלה פון גענשער בית־עולם
האט איצט אין דער שווארצער עגלה — פארהוילן
געפירט אנשטאט מתים — פון געטא די יאטן,
די אויפשטענדלער־חברה מיט ביקסן, גראנאטן.

די געסטאפא האט אים געכאפט, אויסגעשפאנט דאס פערד פון דער עגלה, צוגעבונדן ר' נפתלי'ען צום עק פונעם פערד, און אזוי געיאגט אים איבער די גאסן.

דאס פערד איז געלאפן און נאכגעשלעפט הינטן
נאך זיך ר' נפתלי'ען, צעבלוטיקט אין ווונדן.
נייז, ס'איז נישט נפתלי דער פורמאן, מסתמא
א טעות אין צייט און אין ארט, ס'איז בן דמא,
יהודה בן דמא, דער תנא, דער טרוימער
וואס איז דורכן קיסר ליליאנום, דעם רוימער
פארמשפט געווארן מ'זאל שלעפן אין רוים אים
ארום אין די גאסן. — — — — — — —
פון הייל טיף אין רוים דאן געהערט האט מען קלאגן
א חודש... אן אויפהער, אן איבערשלאגן.

אויך אין דעם עמק הבכא אין ווארשעווער געטא, אין די היילן ווו די ביינער פון די אויפשטאנד־העלדן האבן געפונען זייער קבורה — וועט קיין מאל נישט אויפהערן דאס מאנען און קלאגן.

אויף צענדליקער זייטלעך טענהט זיך אוים דער איינציק פאר־בליבענער געטא־ייד מיטן רבונו־של־עולם — „א גאט איז אין הימל אן פאלק זיינס פארבליבן". וואס איז דער זינען פון די בלוטיקע קרבנות, מארטירערס און קידוש־השמניקעס? וועט אמאל קומען די שטראף און עס וועלן מקוים ווערן די קללות אויפן קאפ פון די דייטשע קינס און זייערע העלפערס?

א נייע זעאונג, נאך איינער פון די הרוגי־מלכות באווייזט זיך דעם געטא־ייד, חוצפות מתורגמן, וועמען די רוימער האבן געפייניקט.

מיך האבן די רוימער מיט שטיינער און דראנגען
פארשטיינט... א האלב טויטן מיך נאך דעם געהאנגען.

דער קדוש טרייסט, באַרויִקט דעם עלנטן געטאָ־ייִד. ער דער־ציילט וועגן זײַנע לעצטע שעהן — ער האָט ניט פאַרלוירן זײַן שטאָלץ, זײַן געפיל פון העכערקייט איבער דעם מעכטיקן רוימישן אימפעראַטאָר.

ס׳פאַרציט זיך אַ פאָרהאַנג פון נעפּלען געדיכטע
אַריבער דער גלאָריע פון אונדזער געשיכטע...

* * *

מ. קנאַפּהיים איז נישט געווען אין וואַרשעווער געטאָ אונטער די נאַצים, און אוודאי איז ער ניט געווען בעתן געטאָ־אויפשטאַנד. דאָך ווערט ער ניט מיד אַרויסצוברענגען אין דעם בוך די טראַגי־שע לאַגע פון די ייִדן אין דער אָבל־שטאָט וואַרשע, און שפּעטער דאָס שלעפּן זיי קיין טרעבלינקע, און נאָך שפּעטער דעם אויפשטאַנד פון דער רעוואָלוציאָנערער און נאַציאָנאַלער יוגנט קעגן דעם נאַ־צישן שונא. אין הונדערטער שורות אין סטראָפעס געגראַמטע און געציילטע, דערציילט דאָס בוך די ייִדישע פלאַג, די נאַציאָנאַלע פאַרלענדונג־טראַגעדיע. קענען די בונקערשע היילן פאַרגעסן ווערן? ווער וועט דערציילן, וואָס זיי האָבן איבערגעטראָגן אין יענע הפקרע צײַטן, ווען עס איז געלונגען דער אַרומיקער שינאה צו „אַנטזינען דעם זין און דעם אומזין באַזינען”? אין צענדליקער רעמיניסצענסן דערמאָנט דער בונקער־ייִד דאָס אַמאָליקע צניעותדיקע פרומע ייִדי־שע לעבן מיט די האַרצרײַסנדיקע תפילות, — און וואָס פון דעם איז געוואָרן אין די באַדינגונגען פון געטאָ מיט די יודנראַטלער, הפקרדיקע לעב־יונגען, ייִדן־כאַפּונעס, פאַרראַט און פאַרקויפטקייט. אין הונדערטער סטראָפעס באַזינגט דער דיכטער די מוטיקע קעמ־פערס פון געטאָ־אויפשטאַנד, פאַרגלײַכנדיק זיי מיט די צען רוימישע מאַרטירערס און הרוגים. דער פאָלקסהעלד הוצפית דער מתורגמן וואַרפט מוטיק און מיט פאַראַכטונג זײַנע ווערטער צום רוימישן הערשער. ער קומט אויף די חורבות פון געטאָ —

צום אויספילן עפּעס אַ הייליקע מיסיע,
אַנטפּלעקן פאַר אַלע אַ זעאונג, אַ וויזיע
פון אָנקומען גיך פונעם גואל משיח —

**אַנטקעגן גייען אים, דאַרף מען גייען און נישט קריכן —**
**אַנטקעגן דעם פּײַנט דאַרף מען שטאַרק זײַן ווי אײַזן.**

דער ליכט-אָרעאָל פון מאַרטירערס און העלדן וועט קיין מאָל ניט פאַרלאָשן ווערן. דער מאָרגן פון פאָלק וועט צוריק באַנײַט ווערן, — דאָס איז דאָס טרייסט-וואָרט פון אַלע רוימישע מאַרטירערס, דאָס איז דער זין פון זייער דערשײַנען אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ.

* * *

אין די לעצטע צוויי דרײַ זעאונגען קומט פאָר אַ געוויסע ענדערונג. דער שרײַבער פירט אַרײַן, חוץ דעם בונקערייד און די באַגלייטנדיקע מאַרטירערס פון רוים, לעבעדיקע עדות פון די געשעענישן אין געטאָ. טרויעריק איז דאָס בילד וואָס מ. קנאַפּהיים וויקלט דאָ פונאַנדער.

עס זיינען די ערשטע חדשים פון דער דײַטשער אָקופּאַציע. יידן טראַכטן ניט, גלויבן ניט אַז עס גייט אויף זיי אַ גרויסער אומגליק פון טאָטאַלער אויסראָטונג. זיי זענען פאַרנומען מיטן הײַנטיקן טאָג, מיט שטילן דעם הונגער. דאָס פאָלק איז צעברעקלט, צעשפּליטערט. „וועד טראַכט פון זײַן גורל בײַם ראַנד פונעם אָפּגרונד?" די יידן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן די אילוזיע אַז די גמינע אויף גזשיבאָווסקע גאַס עקסיסטירט נאָך, אַז די מענטשן פון יודנראַט קאָנען עפענען די שפּײַכלערס מיט פּראָדוקטן פאַר זיי, און זיי קומען אַהער — מיט פּראָטעסטן און געוואַלדן, מיט תחנונים און טרערן. באַווײַזט זיך אין געטאָ אַ **דיכטער**, ער גלויבט, אַז מיט זײַנע פלאַמיקע לידער קאָן ער אויפוועקן דאָס פאָלק, דערוועקן אין אים דעם ווידערשטאַנד-כוח. ער גלויבט אַז מיט זײַנע שטראָפלידער וועט ער „צעטרייסלען" די זײַלן פון וועלט ביז די גרונטן". דער דיכטער פון געטאָ, „דער פרינץ פון די פרינצן", שטייט פנים אל פנים מיטן אונטערגייענדיקן, פאַרלוירענעם פאָלק, — „ס'איז וואַרשע שוין דעמאָלט געוועזן אוים וואַרשע". דער דיכטער פאַרשטייט די כוונות פון די דײַטשע רוצחים וואָס גרייטן זיך אַרויספירן די געטאָ-יידן ווי שאָף צו דער שחיטה און דער לאָזונג פונעם דיכטער איז :

נישט לאָזן זיך! דאָס איז די ברירה.
„לא תרצח" פאַר אונדז איז — די גרעסטע עבירה — — —
זייט ניכטער און זעט וווּהין וויל מען אונדז פירן,
מיר שלאָגן זיך דאָ אָן פאַרהאַמערטע טירן.
נישט דאָ איז צו וואַרטן די הילף זאָל זיך שטרעקן
צו אונדז אין דער שעה פון פאַרלענד, פון די שרעקן.

דער דיכטער מאָלט פאַר זיי איינעם פון די צען רוימישע מאַר־טירערס, חנינא דער זון פון חכינאַי, וואָס האָט שטאָלץ און אומדער־שראָקן געדונערט קעגן רוים — ביז וואַנען מע האָט דעם תנא פאַר־שטיינט. דער דיכטער רופט דאָס פאָלק זיך ניט צו לאָזן צעטומ־לען, דערשרעקן, ער רופט צו אָרגאַניזירן זיך און גרייטן דעם אופ־שטאַנד קעגן די דייטשע חיילות, איבערגיין אין אָנגריף, אײַנטיי־לן זיך אין פינפטלעך, באַפאַלן דעם שונא, — דאָס לעבן סײַ־ווי „אַ תיקון ס׳קאָן נאָר אין נקמה געפינען". אָבער ניט די פלאַמיקע רייד, ניט דאָס באַשווערן מיטן גײַסט פון ר׳ חנינא — איז אין דעם פעריאָד בכוח אויפצווועקן דעם מוט און גלויבן אין פאָלק. דער המון פאַרשטיינערט דעם דיכטער דעם נביא, מאַכט חוזק פון אים, שלעפּט אים איבערן גמינע־הויף צום מיסטגרוב.

ערשט שפּעטער, ווען די דײַטשן הויבן אָן אַרויספירן קיין טרעבלינקע די וואַגאָנען מיט צענדליק טויזנטער ייִדן כדי צו פאַר־גאַזן זיי, לעבט אויף צוריק דאָס נביאישע וואָרט פונעם נאָמענלאָזן פאַרפּײַניקטן דיכטער. עס נעמט איבערן דער אונטערגרונט, אַוועק איז דער יאוש, ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך מושטרירן די קאַמף־גרופּעס, די פאָנען פון ייִדישן רעוואָלט צעפלאַטערן זיך. מ. קנאַפּ־היים האַמערט אויס אַ גראַנדיעזע סקולפּטור פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פון „די טויזנטער קעמפערס פאַרשטעקטע אויף שטאָקן", „די געטאָ־גאַס איז אין אַ שלאַכטפעלד פאַרוואַנדלט". עס לעבן אויף די ווערטער פונעם דיכטער, זײַן זעאונג אַז דאָס אויג פון נקמה וועט אויסגעפינען אַלע שולדיקע אין מאַנסטער־מאָרד איבער ייִדישן פאָלק, וועט זיי ברענגען צום עפנטלעכן געריכט, און די מערדער וועלן קריגן זייער שטראָף באַצאָלט.

אין דער ענד־סצענע פון אויפשטאַנד באַווײַזט זיך די פיגור פון איינעם פון די גיבורים פון יידישן קריג קעגן די רוימער. ישבב הסופר פאַרוואַנדלט זיך אין סופר פון געטאָ, ער מוטיקט און באַגײַסטערט אַלעמען אין שווערן קאַמף. מע שיקט אים אַנטקעגן די דײַטשן — דעם ערשטן, אַלע יידן פון זײַן הויף קוקן אויף אים מיט יראת הכבוד, — דאָ גייט ער, דער תנא, ישבב הסופר.

**דער סופר פון געטאָ, דער טויטבלייכער, דאַרער**
**איז גיך אויסגעוואַקסן — אַ העלד אַ לעגענדאַרער...**

דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט, די דײַטשן פאַרברענען די הײַזער ווו עס געפינען זיך בונקערס, זיי פירן דורך אַ שחיטה איבער די אויפשטענדלערס.

**אין קאַמף, אין דער פײַערשלאַכט זענען זיי אַלע,**
**די העלדישע זין אויפן פּאָסטן געפאַלן.**
**געכאַפּט האָט מען בלויז מיט געווער זײַנס דעם סופר,**
**געדעקט ביזן סוף האָט ער אַלע אַנטלויפערס...**

אין דער לעצטער זעאונג פיגורירט שוין דער שרײַבער אַליין אויך. עס שיטן זיך פון זײַן מויל קללות אויף די דײַטשע רוצחים און זייערע פּוילישע מיטהעלפערס; פון דער אַנדערער זײַט — ברכות און האָפענונגען צום יידישן פאָלק.

אַזוי — פון זעאונג צו זעאונג. אין צענטער פון בוך שטייט — וואַרשע, וואַרשעווער געטאָ, וואַרשעווער יידן. און צו גאַר אַ גרויסער הויך דערהייבן זיך די העלדן און קעמפער פון געטאָ־אויפשטאַנד. פון די לעצטע ווערט ניט אָנגערופן קיין איין נאָמען, אָבער טאַקע אָט די נאָמענלאָזיקייט פון דער קידוש־השמיקער נאַציאָנאַלער אַקציע — דאָס איז איר גרויסקייט, איר מאָנומענטישקייט. דאָס איז זי

**די יידישע מאַרטיר־געשיכטע, פאַרספּרט**
**אין נײַעם תנך, וואָס דאָס פאָלק, ס׳עם הספר**
**וועט שרײַבן, — די בלוטיקע פײַער־מגילה**
**פון וואַרשע און אויפשטענדלער־שטאַב אויף דער מילע.**

## קאַפּיטל 2

דאָס פּאָעטישע ווערק פון מ. קנאַפּהייס איז געבויט אין רעגו־לערע אויסגעהאַלטענע אַמפיבראַכן — פיר באַטאָנונגען אין יעדן פערז, אַנדערש געריעדט פיר פערז־פיס אין יעדער שורה. דער אַמ־פיבראַך איז דער אָנגענומענער און צוגעפּאַסטער ריטם פאַר נאַראַ־טיווער פּאָעזיע, און די „עשרה הרוגי מלכות" איז אַזאַ. דאָס איז דער סטיל פון אַזעלכע שאַפונגען.

די הונדערטער זײַטן אין בוך באַשטייען פון סטראָפעס (סטאַנ־צן), וואָס יעדערע האָט נאָר צוויי שורות. אַלע סטראָפן גייען אין פּאָר־גראַמען, און די פּאָר־שורות גראַמען זיך שטענדיק. אין יעדער שורה איז דאָ אַ נאַטירלעכע פּויזע, געוויינטלעך נאָכן ערשטן און צווייטן פערזפוס, און אַזוי חזרט זיך עס איבער אין אַלע סטראָפעס. יעדע סטראָפע איז אַ גאַנצקייט, אָבער אָפט גייט אַ סטראָפע אַרי־בער אין אַ צווייטער און אַפילו אַ דריטער. דאָס געשעט בײַ מ. קנאַפּהייסן אַ מאָל צוליבן גראַם, אַ מאָל צוליבן שטאַרקן שטראָם פון בילדער און ליריק. דאָס זענען קינסטלעריש געצווונגענע „אַנ־זשאַמבעמאַנען" וועלכע זענען אומפאַרמײַדלעך אין אַזאַ גרויסן ווערק, מיט אַזאַ אינהאַלטלעכן לירישן פאַרנעם, מיט אַזוי פיל דעטאַלן געמעלן. אָפט פאַרפעלט אָטעם דעם פאַרלייענער בײַם פּראָדוצירן אַזעלכע לאַנגע זאַצן. „עס איז גאָרניט גרינג צו פאַרענ־דיקן אַ געדאַנק אָדער אַן אײנם — אין זין פון אינהאַלט — אין די ראַמען פון אַן איינציקער שורה, — אַ סך דיכטער באַנוצן זיך מיטן אַנזשאַמבעמאַן. זיי פאַרענדיקן אַ געדאַנק אָדער אַ גאַנצן אינהאַלט־טייל ניט אין איין שורה, נאָר זיי טראָגן עס אַריבער, ממש פראַ־זאַיש, אין דער צווייטער שורה. באַזונדערס באַנוצן זיי זיך מיט אָט דעם מיטל ווען עס קומט זיי אויס צו שרײַבן לאַנגע דערציילערישע אָדער באַשרײַבערישע פּאָעמעס". *)

דאָס זעלבע איז שייך צו יענע פאַלן, ווען דער דיכטער דער־

*) נ. ב. מינקאָוו — אליהו בחור און זײַן בבא־בוך, ז' 31

לויבט זיך אָדער ער איז געצוווּנגען צו ענדערן די נאָרמאַלע גראַמאַ־טיקאַלישע אָרדענונג פון ווערטער אין זאַץ, אָדער אין דער סטראָפע. דאָס זענען די אַזוי גערופענע אינווערסיעס. אין אַזאַ גרויס ווערק מיט טויזנטער שורות זענען אומפאַרמײַדלעך אַזעלכע אָפּווייכונגען פון נאָרמאַלן סדר. אויך בנוגע דעם גראַם דערלויבט זיך אָפט דער דיכטער אָפּצוווייכן פונעם געוויינטלעכן מאָדוס און ער באַנוצט „סינטעטישע גראַמען".

איך וועל דאָ ברענגען בײַשפּילן פון אַזעלכע „פרײַהייטן" אי־נעם ווערק פון מ. קנאַפּהיים.

**ווי דערמאָלט אין חוים, אין די צײַטן פון רדיפות,**
**באַנעמט איצט דער סופר פון וואַרשע ווי טויף עס**
**פאַרבינדט אים מיט בלוטפעדעם, אים מיטן תנא**
**דער קדוש פון דאָרט מיטן קדוש פון דאַנען,**
**וואָס ביידע — דורך פלאַמען — דערהייבן דעם נאָמען**
**פון יידישן מענטש נאָר מיט ליבּ צו דערמאָנען**
**אין היכל פון אונדזער געשיכטעס זכרון**
**וואָס איז אין דער שריפה פאַרברענט נישט געוואָרן.**

די אונטערגעשטראָכענע ווערטער זענען סינטעטישע גראַמען. אַזעלכע זענען דאָ אין בוך אַ סך: לא תרצח — ווי ס'פירט זיך; ונסלח — ווי גיסלעך; פון דיכטער — אומגעריכט ער; צי שעלט ער — די עלטערן; וואַקסן אויס און — אויף אויסן; פאַרקידוש־השמטע — פאַרשעמטע.

* ✡ *

עס איז אַ מגילה פון פײַער, אַן עלעגיע וועגן פאַרלענדונג פון פאָלק. און אַלץ איז געבראַכט צום אויסדרוק אין שיינעם, קלינ־גענדיקן, פאָלקסטימלעכן וואָרט.

די גאַנצע קאָמפּאָזיציע פון ווערק האָט אין זיך עפּעס תפילה־דיקס, איז דורכגעזאַפּט מיט אַ ספּעציפישער אינטאָנאַציע, זײַן מע־

לאָדיע איז פאָלקיש, פאָלקסטימלעך. די וואָרצלען פון אָט דער מעלאָדישקייט ציִען זייערע זאַפטן — פון דער מעלאָדיע פון דער מאַמעס צאינה וראינה, פון די קינות און קלאָגלידער, פון די מאַמעשע תחינות. די אינעווייניקסטע פויזע אין דער שורה העלפט צו דער ריטמישקייט פון סטראָפעס. עס באַקומט זיך אַזוי ווי יעדע שורה באַשטייט פון צוויי העלפטן, פון צוויי האַלב-פערזן. דאָס שאַפט אַן אויסגעשפּראָכענע מעלאָדישקייט.

די פאָלקס-לעגענדאַרישע טעמאַטיק, די פאַנטאַסטיק און סימבאָלישקייט פון די באַגעגענישן פונעם בונקער-ייִד מיט די שאָטנס פון די אומגעקומענע מאַרטירערס אין רוים — גיסט זיך צונויף מיט דער מעלאָדישקייט פון די סטראָפן, און עס שאַפט אַ פּייַערלעכע אַטמאָספערע.

ס'איז אַן עקספּערימענטאַל ווערק, ס'האָט אַ גרויסן פאַרנעם לויט דעם אָריגינעלן אינהאַלט, לויטן פאַרבינדן די רעאַלע בילדער פון הייַנט מיטן לעגענדאַרן אַמאָל. פאַרנעמיק איז דער געבוי פונעם ווערק, מיט די טויזנטער פערזן און גראַמען. געוואַגט איז דאָס פאַרבינדן דעם פאַקטן-נאַראַטיוו מיט ליריק און געשיכטלעכן ראָמאַנטיזם. ליכט און שאָטן, גרויל-קאָשמאַרן און האָפענונגען פילן אָן אַלע בלעטלעך פון ווערק, די עצם אידעע פון איבעררוף פון דורות איז ווערטפול, אימפּאָנירנדיק. דער דיכטער רעדט מיט אַ סך האַרציקייט און אָפנקייט. די טעמע חורבן-פּוילן איז אַזוי גראַנדיעז און טיף-טראַגיש, אַז מע קען זי גאָרניט אויסשעפּן מיט ווערטער און איכהס. די סטראָפעס יאָגן זיך איבער די בלעטער פון בוך אַזוי ווי אַ שטראָם, וואָס פלייצט איבער ברעגן.

* * *

אַזוי ווי אַלע פּאָעטן, ניצט מ. קנאַפּהייס אויך דאָ אין דער חורבן-פּאָעמע די אָנגענומענע פיגורן אין דער מלוכה פון פּאָעזיע. איך וועל ברענגען אַ צאָל מוסטערן פון קנאַפּהייסעס פּאָעטיש ווערק — לויט באַזונדערע מינים:

## סינאָנימיש

עס בלאַסקעט און שווינדלט דאָס שטאָל און דאָס ניקל.
באַוואָקסן דאָס פּנים, באַהאָרט און באַנעגלט.
און ס'האָט אים געהויבן פון אָרט און געטראָגן.
באַהאָנגען מיט פליטערלעך, גלעקלעך און קריינדלעך.
פאַרזשאַווערט, פאַרשלינגעט, מיט גאָמבע פאַרשפּיציקט.
דעם ברעגלאָזן יאָמער, די פּײַן, די געהוילן.
ווי איז ער, דער חריף, דער חכם, דער חוזה.
דער עולם איז גיך זיך צעלאָפן, צוקראָכן/און איבערגעלאָזט
נאָך אַ בראָך פון די בראָכן.
מיט מאָך־בליקן טענהס, תרעומות, פאַרדראָסן.

## מעטאַפאָריש

די וועלט איז צו קליין פאַר דער חורבן־לוויה.
פאַרמישט און פאַרווישט איז דער גאַנג פון מעת־לעתן.
וואָס גיכער צו קומען אין טאָל פון די קלאָגן.
און ס'בלאָנדזשעט זײַן בליק אויפן דיל, אויף די ווענט.
דאָס רײַסט זיך דער טײַכפלוס פון בלוט און טרערן.
די פרייד האָט געיערט ווי אַ טייג אָנגעוואָקסן.
ס'וויינט אין מיר ס'האַרץ מײַנס אין ספּאַזמעס פאַרצאַפּלט.

## אליטעראַציעס

אַ שעפּטשען, אַ שושקען, אַ שפּאַנונג — צום פּלאַצן.
און ס'פויקן די פויקן און ס'טאַנצן די טאַנצן.
די טויזנטער קעמפּערס פאַרשטעקט אויף די שטאָקן.
פון אַלע פאַרפּײַניקטע אין די פּאָנאַרן / אין געטאָס און
לאַגערס, די טויט־באַבי־יאַרן.

**און ווידער די גוואַלדן ווי בליצן צעשפּאַלטן די שטילקייט,**
**די טויבע.**
**דאָס לאַכן, דאָס וויינען, דאָס שעלטן און בענטשן.**
**פאַרוואַנדלען די הילצערנע שוועלן אין אײַזן.**
**פון וואַרשעווער אויפשטענדלער־שטאַב אויף דער מילע.**
**אין זאַלפּן־געשווישטש, אין געפּײַף פון די קוילן.**
**נאָר איצט, אין דער צײַט פון לתדין ולתדיין.**

* * *

צוליב וואָס ניצט דער פּאָעט אָט די אַלע מליצהדיקע פיגורן אין פראַזירונגען?

איז עס נאָר אַ שפּיל אין טעכניק־בריהשאַפט? וואָס גיבן צו אָט די קונציקע פליטערלעך צום תוך און צו די כוונות פון דער פּאָעמע? זייער קלוג און שאַרף ענטפערט אויף דער פראַגע דער דיכטער אהרן צייטלין אין זײַן אָפּהאַנדלונג „אברהם סוצקעווער ווי איך זע אים" (די גאָלדענע קייט, נומ' 71):

„אויך פײַנע מעטאַפאָריק, שרײַבט אַ. צייטלין, די פײַנסטע אַפילו, איז נאָך נישט דאָס ליד. די פײַנסטע מעטאַפאָריק האָט אַ ברירה צו זײַן טעכניק, און טעכניש האָט אַ ברירה נישט צו ווערן איינס מיט פאָרעם: טעכניק קאָן פאַרבלאַנדזשען אָן אַ זײַט פון דער פאָרעם. — — — די ווירטואָזישקייט, און, וואָס עס גייט מיט איר צוזאַמען, יענע פונאַנדערגעבליטע שפע פון מעטאַפאָריק... איז עלול צו באַהאַלטן אַ דיכטערס וואָרט הינטער ווערטער, מעגן די ווערטער זײַן ווי שיין. די פראַגע איז: צי דעקט זיך די מעטאַפאָריק מיט דער איבערלעבונג, אָדער איז זי אָרנאַמענטיק?"

שטודירנדיק די בלעטער פּאָעזיע אין מ. קנאַפּהייסעס ווערק, קומט מען צום אויספיר: ווייניקער פון אַלץ איז דאָ דעם דיכטער געגאַנגען אין פוצן זיך מיט „ווירטואָזישקייט" און „אָרנאַ־

מענטשישקייט״. עס איז ניט צו פאַרגלײַכן אַ קורץ ליד מיט אַט די לאַנגע קאַפּיטלעך אין מ. קנאַפּהייסעס פּאָעמע. דער שטראָם פון די ווערטער איז דאָ אַ נאַטירלעכער, פאַר דער טראַגעדיע וואָס ווערט דאָ אַרויסגעבראַכט זיינען אַלע, וועלכע ס׳זאָלן ניט זײַן, אויסדרוקן — בלאָס און בלוט-אָרעם, עס גלוסט זיך שרײַען פון גרויס ווייטיק. די מעטאַפאָרישע און סינאָנימישע פראַזירונגען, די אַליטעראַציע-פאָרמירונגען גיסן זיך דאָ צונויף מיט דער הויפּט-ליניע און מיט דער גאַנצער פאָרעם פון ווערק. דאָ איז נישטא קיין סכנה אַז די טעכניק וועט „פאַרטונקלען מיט איר בלענדקייט די פאָרעם און ממילא אויך דעם פּאָעטישן אינהאַלט״. דאָס גאַנצע ווערק „עשרה הרוגי מלכות״ איז אַזוי ווי געבוירן מיט אַ פאַר-טיקער פאָרעם. די גאַנצע טעמאַטיק דאָ איז אַן עלעגישער ווײַ-געשריי „פון פײַן און שפּאַנונג״. עס איז „חורבן-לוויה״ — ווער קען אָפּשטעלן בײַ די באַוויינערדם דעם שטראָם פון קללות, פראָ-טעסטן, צער און פאַרצווייפלונג?

* * *

דאָס אַלץ קאָן געזאָגט ווערן וועגן די גראַמען און זייער ראָל אין דער גרויסער פּאָעמע פון מ. קנאַפּהייס. די קאָנסטרוקציע פון צוויי-שורהדיקע סטראָפעס מאַכט זייער שווער די אויפגאַבע פונעם דיכטער: גיי, געפין עטלעכע טויזנט גראַמען! פונקט ווי ער איז געצווונגען אָנצוקומען צו די אינווערסיעס, צום אַרײַנגיסן זיך און צונויפגיסן זיך פון עטלעכע סטראָפעס אין איין גאַנצער מיראַדע, — פונקט אַזוי מוז ער אָפט אָנקומען צו געקינסטלטע, אומנאַטירלעכע גראַמען, צו אַ ספּעציפישער גראַמען-טעכניק. אָפט זענען עס סטע-רעאָטיפּישע גראַמען, גראַמען פון פאָלקס-רייד און פאָלקס-דיאַלעקט. ער מוז אָנקומען צו יידיש-העברעיִשע קאָמבינאַציע-גראַמען, צו צע-שפּאָלטענע גראַמען. אָבער די גראַמען העלפן סוף-כל-סוף זייער שטאַרק בײַם לייענען, צום באַהערשן דעם ריטעם פון דער פּאָעמע.

מע דאַרף אויך נעמען אין אַכט דעם כאַראַקטער און פאַרנעם פונעם ווערק: פון איין זײַט איז דאָ פאַראַן אַ באַשטימטער נאַראַ-

טיווער אינהאַלט און „דערציילונג״ (געטאָ, חורבן, אויפשטאַנד, אַמאָליקער שטייגער, דײַטשן, פּאָליאַקן); פון דער אַנדערער זײַט — פאַנטאַסטיק, כּוח הדמיון (דער לעצטער יִיד, די צען רוימישע מאַרטירער, דער מאָדזשיצער רבי); פון דער דריטער זײַט — לִיריק, עמאָציאָנעלקייט אין דער העכסטער מדרגה, נאָסטאַלגיע און טיפער פּעסימיזם. עס איז אַ גרויסע דערגרייכונג — אָנצוהאַלטן דעם באַלאַנס צווישן די דרײַ עלעמענטן, אָנצוהאַלטן קינסטלערישע האַרמאָניע צווישן זיי.

די לִיריק שאַפט די שטימונג, די אינטאָנאַציע, די קאָלירפולקייט. דער גראַם איז אַ ווערטפולער אינסטרומענט אויף צו העלפן דערגרייכן דאָס אַלץ. דער גראַם מאַכט לופטיקער, לײַכטער דעם טראַגישן טעקסט, הגם דער דיכטער וויל זײַן פּרעציז און לאָזט נישט איבער קיין זאַך נישט־דערגעדט.

די שוואַרצע פאַרבן פון יִדישן מאַרטיראָלאָג קאָנען דערדריקן די אויפגאַבע פון ווערק. דער גראַם, די אַליטעראַציעס און אַסאָנאַנסן פאַרלײַכטערן דעם געמיט בײַם לייענען.





# בּבָא־בוך

## ראָמאַן אין פערזן

## אָריגינאַל־טעקסט פון ערשטדרוק פון בבא־בוך פאַרשפּילליד פון אליה בחור המחבר

**איך** אליה לוי דער שרייבר · דינר
אלר פרומן ווייבר · מיט אירן
אונ' מיט צוכטן · אונ' איך וויש מיך אלזו בירוכטן
· אונ' שטיט אויך וואל צו לבן · דש איר אימוליכי
פרויאן בור אובל הבן · ווארום איך ניט אויך בור
זיא דרוק · מייבר טוייטש בוכר איין שטוק ·
דש זיא זיך דא יגן דינן דר מייאן · אונ' שבתות
אונ' ימים טובים דינן לייאן · בון די ווארהייט
יגן וויל איך · עז דוכט מיך אויך זיין רעכט אונ'
בילך · דא וויל איך אין דער היילגן געשריפט ·
עכט אודר נוין בוכר הון געשטיפט · אונ' מיט
דער דרוק אין די וועלט הון מכן קומן · זא הון איך
מיר אויך בור גנומן . דיא וויל איך האלט אן עבר
מייבר טאגן · אונ' הוייט אודר מורגן קיר איך אויף
די זאגן · דא ווערן אל מייני בוכר אונ' מייני לידר
· ור געשן אונ' געלגט דר כידר · דרום זול מירש
קיינש דר בון רוקן · איך וויל זיא אל נוך אננדר
דרוקן · אונ ווערן איר הוט נוך אזו וול ·
ווערט מיר אנדרש ניט צו קורן דש ציל · אונ' וויל
אן היבן בשעה טובה · אן דעם רומן בוך דש דא
הייסט **בובא** · אונ' דש איז ווערליך
אונ' גט וואר · דש עז איז נון ויר אונ'
דרייסיג יאר · דש איך עז אויז לייגם וועלש בוך
הב

הון געמאכט · אבר זו הון איך דר צו געטראכט
ווער דינן לייט דער ווערט עז אינן · אבר עז
זיין אימוליכי וועלשי ווארטר דינן · ווער זיא ניט
בור שטיט דער זאך · אין דעם אלר היכטרשטן
בלעטלן אין דעם בוך · דא וויל איך זיא אויז
לייגן ווירליך · נוך דעם אלף בית גר בישיידליך
אבר דער ניגון דער דאהרויף ווערט גן · דען
קאן איך אויך ניט געבן צו בור שטין · דען איינר
קונט אויניה אודר שוואה · זא וואלט
איך אים וואל הבן געהולפן · אבר איך
זינג עש מיט איינם וועלשן געזנק
· קאן ער דרויף מכן אין
בישרן זא הב ער דאנק :






צוויי פון די 115 אילוסטראַציעס, וואָס קומען אַרײַן אין בבא־בוך, געצייכנט דורך דער קינסטלערין רות קרוין

ס'איז ניט מײַן אויפֿגאַבע צו דערציילן דעם אינהאַלט פֿונעם בבא־בוך און אָפּשאַצן זײַן ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט. מיר האָבן אַ גאַנץ רײַכע ליטעראַטור וועגן אליהו בחור און זײַן ווערק. איך וועל זיך באַגרענעצן בלויז מיט כאַראַקטעריזירן און אָפּשאַצן מ. קנאַפּהייסעם איבערזעצונג פֿון בבא־בוך. די דאָזיקע איבערזעצונג איז דערשינען אין 1962, אין פֿאַרלאַג פֿון יוסף ליפֿשיץ־פֿאָנד פֿון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ אין אַרגענטינע.

דער טיטול לייענט זיך: אליה בחור „בבא־בוך" פֿון אַלט־ייִדיש: משה קנאַפּהיים. דאַקעגן אויף די טיטול־זײַטן אין שפּאַניש און ענגליש פֿיגורירט נישט אינגאַנצן דער איבערזעצער, און ס'באַקומט זיך דער פֿאַלשער אײַנדרוק אַז דאָס איז דער אָריגינאַל פֿון אליהו בחור. אין 1969 איז אַרויס אַ צווייטע אויפֿלאַגע פֿונעם זעלבן בוך און אויך דאָ חזרט זיך איבער דער זעלבער טעות אָדער אומפּינקטלעכקייט. און אין 1970 — אַ נײַע אויסגאַבע. דער שערבלאַט פֿון דער לעצטער אויסגאַבע לייענט זיך: „אליה בחור, 1469–1549, משה קנאַפּהיים — פֿון אַלט־ייִדיש. בבא־בוך, ראָמאַן אין פֿערזן" (פֿאַרלאַג „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער", בוענאָס־אײַרעס).

אָט די אויסגאַבע פֿון מ. קנאַפּהייסעם איבערזעצונג איז אַ מערקווירדיק אינטערעסאַנטע דרוק־דערשײַנונג. זי האַלט 330 זײַטן, גרויסן פֿאָרמאַט, געדרוקט מיט גרויסן און מיט פֿעטן שריפֿט. די איבערזעצונג–איבערדיכטונג גייט אָן אין המשכים, מיט דרײַ פּאַראַלעלע טעקסטן: אויף איין זײַט — די איבערזעצונג גופֿא: אויף דער צווייטער זײַט קומען טעקסטן פֿון עסייען וועגן אליהו בחור און זײַן שאַפֿן. מחברים: אַ. אַ. ראָבאַק, מרדכי וו. בערנשטיין, הרב

אהרן בן ציון שורין, יעקב פאלאטיצקי, משה קנאפהיים. אחוץ דעם קומען אויף יעדער העלפט פון דער צווייטער זייט — פאטאסטאטישע רעפראדוקציעס פון אריגינאל-טעקסט, גענוי ווי ער איז דערשינען מיט איבער 400 יאר צוריק. אויף דעם אופן גייען די גאנצע 330 זייטן פון בוך מיט דריי פאראלעלע שריפטן און אינהאלט. חוץ דעם קומען דא כמעט אויף אלע בלעטער — אילוסטראציעס און וויניעטן פון רות קרוין. דער שער-בלאט איז געצייכנט דורך יוסף ראטנער-מירסקי.

שוין מיט איבער 40 יאר צוריק האט ד״ר מאקס וויינרייך געשריבן: „עס איז אפשר קיין גוזמא ניט, אויב איך וועל זאגן אז עס איז אן אויפגאבע פאר אונדזערע פאעטן איבערצודיכטן דאס בבא-בוך אין אונדזער היינטיקער שפראך. איך בין זיכער, אז אין א גוטער באארבעטונג מוז די ליבע אלטע „באבע-מעשה" אונדזערע נאך היינט זיין אינטערעסאנט פאר קינדער און דערוואקסענע". ווי אזוי זשע איז מ. קנאפהיים געקומען צו דער אויפגאבע? דאס האט ער צו פארדאנקען דעם באקאנטן פעדאגאג און ליטעראטור-פארשער שמואל ראזשאנסקי אין בוענאס-איירעס. „ער גייט צו, דערציילט מ. קנאפהיים, צו דער פארפרוכנעטער ספרים-שאנק... רוקט אויף דאס פארהענגל... נעמט ארויס פון דארט... איינס פון די סאמע ערשטע יידישע פאלקסביכער, און דערלאנגט עס מיר... מיט פרומע צעציטערטע הענט: — נאט אייך, דא האט איר עס, באקענט זיך דערמיט, ווערט היימיש מיט דעם ווערק און זעצט עס איבער... ס'וועט ווערן אייער לעבנסווערק... איר זענט בארופן דערצו. לאמיר עס צוריק אריינברענגען אין היכל פון דער יידישער ליטעראטור... איך האב גענומען אין מיינע הענט דאס אויסטערלישע בוך מיט די ציגלרויטע בלעטער מיטן מאדנעם געשריפטס". און מ. קנאפהיים דערציילט ווייטער: ...אין אט די שטימונגען פון אונדזערע היינטיקע טעג קום איך איצט דא — דער יינגסטער פון טלאמאצקע 13, פון דער לעצטער מלכותדיקער היים פון דער יידישער וועלט-ליטעראטור — און ברענג ארויף פון די קעלערן פון דער פארגעסנקייט דאס בבא-בוך, וואס איז געווען פארשטויבט מיטן הייליקן אומבארירטן שטויב פון יארהונדערטער...

און אויף מיר, דעם נישרף, דעם שארית-הפליטהניק... אויף מיר איז אויסגעפאַלן דער גורל, מיר איז באַשערט געווען מחיה-מתים צו זיין דעם עלטסטן ייִדישן דיכטער פון דער אַלט־ייִדישער ליטע־ראַטור... איך פיר אים איצט צוריק אַרײַן אַ לעבעדיקן אין היכל פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, — אים, דעם אַמאָל גע־רודפטן ייִדישן דיכטער־פרינץ, און זיין בבא־בוך וואָס איך האָב אים אָנגעקליידט אין אַ מאָדערנעם שפּראַך־לבוש; פאַרהײַנט־צײַטיקט דאָס אַלטמאָדישע, אַלט־ייִדישע לשון פון אונדזערע עלטער־זיידעס און עלטערבאָבעס".

עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך ליבשאַפט צו דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור, אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר דער אַלט־ייִדי־שער שפּראַך און פאַר די ליטעראַרישע אויפטוען פון יענער צייט. עס האָט זיך געניטיקט אינטעליגענץ און קונסט־קולטור, כדי אָפּ־צושאַצן די מײַסטערשאַפט פון אליהו בחור און געפינען אַ וועג צו „פאַרהײַנטצײַטיקן דאָס אַלטמאָדישע". עס האָט געפאָדערט אַ סך ענערגיע און טאַלאַנט ביז מ. קנאַפּהייס האָט דערפירט צום גליקלעכן דערפאָלג און פאַרענדיקט זיין גרויסע אַרבעט.

צענדליקער שוועריקייטן און קונסט־פּראָבלעמען זיינען געשטאַ־נען פאַרן איבערזעצער־איבערדיכטער, און ער דערציילט וועגן זיי באריכות אין זיין עסיי „איבערזעצקונסט פון פּאָעטישע ווערק". ער האָט געזוכט אַ באַפרידיקנדיקן ענטפער אויף די פראַגן וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אים: „צי קען מען אַ פּאָעטיש ווערק איבער־זעצן געטרײַ צום אָריגינאַל?.... צי קריגט שוין דאָס ווערק דורכן געטרײַען איבערזעצן עס אַ קינסטלערישן תיקון?... צי דערגרייכט דער איבערזעצער זיין ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט בײַם צוטרעטן איבערזעצן אַ ווערק, וואָס איז געבוירן געוואָרן געפלאָכ־טן און געבונדן מיט נאָרמירטע, געמאָסטענע ריטמען און שטרענג געשלאָסענע גראַמען אַזוי ווי מיט שלעסער?... דער איבערזעצער דאַרף איבערשאַפן, איבערגעשטאַלטיקן, איבערטראַנספאָרמירן, אי־בערפלאַנצן"... פאַר אים איז אַלץ קלאָרער געוואָרן, פון וואָס פאַראַ שטאָפן באַשטייט אייגנטלעך דאָס דיכטערישע ווערק, מיט וואָס

„ס'האָט זיך געהאַט צו ראַנגלען נישט בלויז דער איבערזעצער נאָר אויך דער מחבר גופא פון דער אָריגינעלער פּאָעטישער שאַפונג".

אויף דעם וועג האָט מ. קנאַפּהיים אויסגעאַרבעט פאַר זיך און פעסטגעשטעלט די כללים פאַר זײַן אַרבעט: „אַ גוטע איבערזעצונג דאַרף האָבן אַלע עלעמענטן פון אַ זעלבשטענדיקער דיכטערישער שאַפונג. אומאָפּהענגיק פון אָריגינאַל דאַרף און מוז פאַר אַלעמדינג שטימען אינעם איבערגעשאַפענעם, אויפגעלעבטן ווערק. ס'מוז האָבן לופט, ס'הייסט פּאָעטישע שטימונג, אָטעם — פּאָעטישן הויך און אַ לעבעדיקן פּולס, ס'זאָל וויברירן מיט אַלע פאַרביקע ניואַנסן, שפּראַך-עשירותן, נישט ווייניקער, אויב נישט מער ווי דער אָריגינאַל גופא פאַרמאָגט".

גאַנצענע בלעטער פון קנאַפּהייםעס עסיי זײַנען פאַרפולט מיט אָט די ספיקות און מחשבותן. צום ענד פון זײַן אָפּהאַנדלונג ווײַזט ער אָן, אַז כאָטש ער האָט אָפּגעהיט אליהו בחורס טעקסט ווי אַ פּערל, „דאָך איז אין דעם בוך דאָ אַ סך אייגנס... דער טעקסט איז טאַקע אליהו בחורס, נאָר דאָס לשון איז מײַנס, מײַן אייגנס... כ'האָב זיך אין טייל עפּיזאָדן דערקוויקט — דאָס איבערגעטריבענע, פאַנטאַסטישע אינעם ספור המעשה, דאָס נישט-געשטויגענע נישט-געפלויגענע דאָ און דאָרט — באַזיניקן, מאַכן באַגלייביק און אָנטאָן עס אַ רעאַלן לבוש... אַז ס'זאָל ניט אויסקוקן אין גאַנצן אומוואָרשײַנלעך".

דעם אָנגעצייכנטן פּראָגראַם האָט מ. קנאַפּהיים דערגרייכט. ער האָט באַרײַכערט די ייִדישע ליטעראַטור מיט אַ לעבעדיקן, שעפערישן לייענבוך. געוויס, דאַרף די איבערזעצונג זיך היטן פון צו זײַן צו געטרײַ צום אָריגינאַל, — ליגט דאָך צווישן די צוויי טעקסטן אַ שטח פון 400 יאָר. אַנדערע אַסאָציאַציעס, פאַרגלײַכן, סינאָנימען; זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין דער שפּראַך, — זאָל מען זיי קינסטלעך אָפּשטויסן פונעם איבערזעצונג-טעקסט? דאָס וויכטיקסטע איז: צי איז אָפּגעהיט געוואָרן די אַלגעמיינע אַטמאָספער פונעם אָריגינאַל, זײַן כאַראַקטער, זײַן שטימונג, זײַן אינטאָנאַציע. „נאָר דאָס לשון

איז מײַנס, מײַן אייגנס" — טוט דער איבערזעצער אַזוי ווי זיך פּאַרענטפערן. אָבער מ. קנאַפּהיים דאַרף זיך גאָרנישט פּאַרענט־פערן הלמאַי אין דער איבערזעצונג איז דאָ אַ סך זײַן אייגנס. ס'קאָן גאָר אַנדערש ניט געמאָלט זײַן. האָט דאָך יידיש זיך אומגעהויער אַנטוויקלט פאַר די 400 יאָר, — קען די איבערזעצונג בלײַבן בײַם זעלבן נוסח פון וואָרט, ווי בײַ אליהו בחור? עס גייט וועגן ברענגען צום לייענער אַ הײַנטיקן טעקסט, טאַקע אַן איבערזעצונג־טעקסט, אָבער אין כאַראַקטער פון בבא־בוך — מיט זײַן הומאָר, שפּילעוו־דיקייט, פאַנטאַסטישקייט און פּאָעטישקייט. דאָס האָט זיך קנאַפּ־הייסן אין פולער מאָס אײַנגעגעבן.

גערעכט איז נ. ב. מינקאָוו ווען ער זאָגט: „ווי אַזוי ס'אָטעמט דאָס ווערק, דאָס איז עפּעס וואָס לאָזט זיך נישט גרינג צו אַנאַלי־זירן און טיילן... אין דעם ניט־צעטיילעוודיקן איינס פון אינהאַלט און **פאָרעם** — אָט אין דער אַבסאָלוטער האַרמאָניע באַשטייט אליהו בחורס גרויסער פּאָעטישער ווערט". די איבעדיכטונג־איבערזעצונג מוז זײַן אָפּגעהיט נישט נאָר לגבי דעם אָריגינאַלס שפּראַך און גראַ־מאַטישע פאָרמען פון יענער צײַט, נאָר אויך לגבי די גראַמען און ריטמען. זי דאַרף זיך אויסהיטן פון פאַרטונקלען אָדער גאָר פאַר־ווישן דעם דיכטערס פּאָעטישן געמיט. מ. קנאַפּהיים איז אין דעם אַלעמען געווען שטאַרק אָפּגעהיט.

לאָמיר אַנאַליזירן אַ פּאָר מוסטערן פון דער בבא־בוך־סטראָפע — אין אָריגינאַל און אין מ. קנאַפּהייסעס איבערזעצונג. איך גיב דאָ צוויי אַזעלכע מוסטערן פּאַראַלעל איינס קעגן איבער דעם צווייטן, און כדי צו פאַרלײַכטערן דעם לייענער גיב איך אויך די פּראָזע־איבערזעצונג פון נ. ב. מינקאָוו.

## ערשטער פּאַראַלעל

א) אליהו בחורס אָריגינאַל (סטראָפע 107)

**ווי באַלד דרוזייאַנה דא נוך אים שיקט,**
**דא קאַם דער דעגן אויש דר קורן,**
**ווי גר ליפליך זי אין דא אַן פּליקט,**

זי זך איין אן הינטן אונ' וארן,
זי דוכט גלייך זי ווער גַנץ דר קוויקט,
דר נוך לויישפרט זי אים איין זיין אורן:
דו ליבש גישטלט, דו שטערן העלר,
אכט אונ' סערביר מיר אויף מיינם טעלר.

ב) נ. ב. מינקאָווס איבערדערציילונג אין פּראָזע

אַזוי שנעל ווי דרוזיאַנע נאָך אים שיקט, איז געקומען דער ריטער דער אויסדערוויילטער (ד"ה בבא). ווי גאָר ליבלעך האָט זי אים אָנגעבליקט. זי האָט אים באַקוקט פון הינטן און פון פאָרנט. ס'האָט איר זיך געדוכט, זי ווערט אין גאַנצן דערקוויקט, דערנאָך פּליסטערט זי אים אין די אויערן:
„דו ליב געשטאַלט, דו שטערן העלער,
אַכט און סערוויר מיר אויף מײַן טעלער".

ג) מ. קנאַפּהייסעס איבערזעצונג

זי שיקט אים זאָגן אַז זי דאַרף אים,
און אָט דערשײַנט פאַר איר דער ריטער.
זי הערט אויף שפּילן אויף דער האַרפע,
באַקוקט אים גוט און ס'פּנים בליט איר
אַזוי ווי פון געטראַנקען שאַרפע.
זי פּליסטערט פול מיט הייסן ציטער:
מײַן ליב געשטאַלט, מײַן שטערן העלער,
ווערסט מיר סערווירן אויף מײַן טעלער.

## צווייטער פּאַראַלעל

א) אליהו בחורס אָריגינאַל (סטראָפע 353)

ער וואָלט צו מול ניט וואַרטן מין,
ער הוב אָן צו רומפּילן אָן דער טוירן,

אייַן גוטי ווייַל בלייַב ער דאָ שטין,
ער הורט זיך נימיץ דינן רוירן.
ער שפּרך דש קן ניט גלייַך צו גין.
אייַן ווילד וועזן מושן זי דינן בוירן.
ולוקש היש ער ברענגן צוואַנג אונ׳ האַמר,
אונ׳ מיט גיוואַלד בראַך ער אויף די קאמר.

ב) נ. מ. מינקאָווס איבערדערצייילונג אין פּראָזע

ער וויל צו מאָל ניט וואַרטן מיין.
ער הייבט אָן רומפּלען אין דער טיר,
אַ גוטע ווייל איז ער געבליבן דאָרטן שטיין.
ער האָט קיינעם ניט געהערט זיך דאָרטן רירן.
ער מאַכט: „דאָס קען ניט גלאַט אַזוי גיין.
נאָר ווילד מוזן זיי זיך דאָרטן פירן".
גלייַך הייסט ער ברענגען צוואַנג און האַמער,
און מיט געוואַלד ברעכט ער אויף די קאַמער.

ג) מ. קנאַפּהייסעס איבערזעצונג

געגוג געוואַרט! ער טראַכט ניט לאַנג
און מיט די פויסטן הייבט אָן קלאַפּן
אין טיר... ס׳דערגייט ניט קיין שום קלאַנג,
צו מאָל קיין שאָרך ניט צו דערכאַפּן:
— נאָך נישט געזעטיקט דעם פאַרלאַנג?
דאָס הייסט, דעם טאַטן בלוט פאַרצאַפּן...
ער הייסט זיך ברענגען צוואַנג און אייַזן
און הייבט די טיר אָן אויפצורייַסן.

אָט די צוויי פאַראַלעלע סטראָפעס, וואָס מיר האָבן דאָ גע־בראַכט אין דרייַ ווערסיעס, לערנען אונדז זייער אַ סך סייַ וועגן דעם אָריגינאַל פון אליהו בחורס בבא־בוך, סייַ וועגן דער איבערזעצונג פון מ. קנאַפּהיים.ביידע ווייַזן דעם מעטער און דעם כאַראַקטער פון בוך, און זיי דינען ווי אַ מוסטער פונעם גאַנצן בבא־בוך. יעדע־

רע פון די 650 סטראָפעס אין בוך באַשטייט פון אַכט שורות, און זיי גראַמען זיך אויף איינעם און דעם זעלבן אופן: די שורות 1, 3, 5 האָבן איין גראַם, די שורות 2, 4, 6 האָבן אַנאַנדער גראַם, און די שורות 7 8 האָבן ווידער זייער אייגענעם גראַם. דאָס איז די אַזוי גערופענע „אָטטאַוואַ רימאַ“. און פונקט אַזוי היט עס אָפּ מ. קנאַפּהייס אין זײַן איבערזעצונג: אין דער ערשטער סטראָפע (107) האָבן מיר אַזעלכע דרײַ גראַמען: דאַרף אים — האַרפע — שאַרפע; ווײַטער — דרײַ גראַמען: ריטער, גליט איר, ציטער; צום סוף צוויי גראַמען — העלער, טעלער. דאָס זעלבע אין דער אַנדערער אויבן־ציטירטער סטראָפע (353), אין מ. קנאַפּהייסעס איבערזעצונג: לאַנג — קלאַנג — פאַרלאַנג; ווײַטער: קלאַפּן — דערכאַפּן — פאַרצאַפּן; און צום סוף: אײַזן — רײַסן.

אליהו בחורס אָריגינאַל צייכנט זיך אויס מיט ליטעראַרישן צימצום, ווייכן טאָן, שאַרפקייט און פּרעציזקייט; יעדע שורה איז אַ גאַנצקייט. מ. קנאַפּהייסעס איבערזעצונג איז מער פאָלקסטימלעך, רעדעוודיק, פלים־דיק, היימישלעך. אין דער ציטירטער צווייטער סטראָפע (353) כאַפּט זיך אַ מאָל אַרײַן איין פערז (שורה) — אין אַ צווייטן און אַפילו אין אַ דריטן. אין עטלעכע פאַלן לויפט דער המשך פון די פערזן אַריבער אַפילו אין אַ נײַער ס ט ר אָ פ ע, אין אָריגינאַל פּאַסירט אַזוינס ניט. דער אָריגינאַל איז מער ליריש, די איבערזעצונג איז נאַראַטיוו. מ. קנאַפּהייסעס גראַמען זיינען אָפט אויפגעצוווּנגענע, ער העלפט זיך אַרוים מיט הײַנטצײַטיקן לשון. צוליב הומאָריסטישע סיטואַציעס באַנוצט ער פאָלקס־המונישע אויסדרוקן: די העלדין פון ראָמאַן, דרוזיאַנע, ווערט בײַ אים „אַ שיינע מויד“. אַנאַנדער העלדין, טרויאַן, דריקט זיך אויס: „איך שווער בײַם בורא עולם“, אָדער: „איך מוז מײַן קרובה געבן / אַ ברייטן שלום, ווי איך בין / „אַ ייִדיש קינד“. דער ייִדישלעכער „נו“ פיגורירט אויך אָפט. אַזאַ גראָטעסק שטימט מיטן גאַנצן מעטאָד פון קנאַפּהייסעס איבערזעצונג.

דאָס זעלבע — ווען ער באַנוצט סלאַוויזמען (פּאָלאָניזמען, רוסיציזמען). אליהו בחור האָט, פאַרשטייט זיך, אַזעלכע סלאַוויזמען

ניט גענוצט; פֿאַר קנאַפּהייסן זײַנען זיי דאָס מיטל צו „פֿאַרהײַנט־צײַטיקן" דעם טעקסט, אָט איז לדוגמא אַ קליינע רשימה פֿון סלאַוויזמען אין זײַן איבערזעצונג: באַניקערן, ראַזשינקעס, פּערלקאַשע, סלאָיען אײַנגעמאַכטס, מאַנאַך, סוטאַנע, לאַפּעס, טרעוואָגע, טרעפּעס, סטעפּעס, פּריטשמעליעט, דיבאָס, גריווע, סלינע, פּאַרע, קוסטן, פּרעג, קאַנטשיק.

אויך אליהו בחור האָט, צוגלײַך מיט די העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן וואָס ער האָט אַרײַנגענומען אין טעקסט, אויך גענוצט אַ צאָל **איטאַליעניש** ווערטער. „אַ דרײַצן־יאָריקער קאָנטאַקט, שרײַבט יודא א. יאָפע, מיטן קולטורעל העכערן איטאַליענישן אַרום ווי אויך די שפּראַך פֿון איטאַליענישן אָריגינאַל, האָבן געווירקט אויף אליהו בחורס איבערדיכטונג. דאָרטן געפֿינען זיך אַ 5, 6 טוץ איטאַליעניִשע ווערטער וואָס געהערן צו פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס: היים, קיך, געשיר, סאָציאַלע קלאַסן, ים־שיפֿערײַ, אַבסטראַקטע באַגריפֿן אאַז"וו. — — — די העברעיִשע ווערטער זענען קוים מערער ווי די איטאַליענישע, נאָר פֿון דער פֿון איז ניט געדרונגען אַז לעוויטע האָט „פֿאַראיטאַליעניזירט" דעם ראָמאַן". (רעפּראָדוקציע פֿון בבא דאַנטונאַ, 1949, אַרײַנפֿיר, ז' 30).

אויך י. י. טרונק דערקלערט אַזוי אליהו בחורס אַרבעט: „ער האָט זײַן אייגענע תקופֿה און דעם ייִדישן לעבנשטייגער אין וועלכן ער האָט געלעבט — סינטעטיש אַרײַנגעפֿלאָכטן און אַרײַנגעגאָסן אין דעם אַלטן און פֿרעמדן מוסטער... ער האָט פֿאַרשטאַנען וואָס עס הייסט אַזוינס **נאַציאָנאַלע קעגנווערטיקייט** אויף די פֿליינען פֿון אַן **אַלמענטשלעכן** היסטאָרישן המשך". און ווען י. י. טרונק האָט פֿאַרטראַכט און פֿאַרווירקלעכט זײַן אייגענע שיינע „בבא־מעשה — לויט דעם ראָמאַן פֿון אליהו בחור" (איבער 100 זײַטן), האָט ער דעם „לעבנשטייגער און דאָס וועלט־געמיט פֿון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע — איבערהויפּט פֿון ייִדן אין קרוין־פּוילן — אַוועקגעשטעלט אויפֿן ערשטן פּלאַן און אויפֿן פֿאָדערגרונט פֿון דער שפּיל־בינע... דאָס פֿרעמדע און אַנטיטעטישע ריטערלעבן האָב איך געפּרוּווט אַרײַנצובויען אין מיטן פֿון אָביעקטיווע און סוביעקטיווע געשעע־

נישן פון אַ טיפן און שפּרודלדיקן ייִדישן לעבנשטייגער... צו דער דאָזיקער נייַער סינטעזע האָב איך אויך צוגעפּאַסט דעם נוסח, דעם סטיל און דאָס לשון" (קוואַלן און ביימער, 1958, זז' 224-226).

מ. קנאַפּהייס האָט געטאָן זייַן איבערזעצונג-אַרבעט מיט גרויס פאַרזיכט און ערנסט. ער האָט געשמידט זייַן אייגענעם סטיל און לשון. ס'איז ניט נאָר אַ ייִדיש-איבערזעצונג נאָר אַ פאַרייִדישטע. אָפּ-היטנדיק אַלע כּללים פון דער אָקטאַווע-סטראָפע, האָט מ. קנאַפּהייס זיך געהאַלטן בייַם נוסח פון אַ לעבעדיקער, פליסנדיקער דערציילונג.

* * *

נ. ב. מינקאָוו, אין זייַן בוך „אליהו בחור", רעפערירט אין פּראָזע די הויפּט-פּרטים פון די געשעענישן וואָס פאַרלויפן אינעם בבא-בוך. אַ היפּשע צאָל סטראָפעס גיט ער דערבייַ אין זייַן איי-גענער פּאָעטישער פאָרעם: „די סטראָפעס וואָס ווערן דאָ געגעבן — באַוואָרנט זיך נ. ב. מינקאָוו — זיינען נישט קיין איבערזעצונגען. מיר האָבן זיך באַמיט זיי צו דערנענטערן שפּראַכלעך צו אונדזער איצטיקן ייִדיש. כּדי זיך צו קענען האַלטן ווי ווייַט מעגלעך בייַם ריטם, האָבן מיר אָפט געביטן די פאַרגאַנגענע צייַט אויף דער איצ-טיקער צייַט". עס איז זייער אינטערעסאַנט און באַלערנדיק צו פאַר-גלייַכן עטלעכע ציטאַטעס פון סטראָפעס בייַ נ. ב. מינקאָוון — מיט דער איבערדיכטונג פון די זעלבע סטראָפעס בייַ מ. קנאַפּ-הייסן. עס וועט אונדז מאַכן קלאָר, אין וואָס באַשטייט דער אויפטו פון מ. קנאַפּהייס מיט זייַן „איבערזעצונג-איבערדיכטונג".

נ. ב. מינקאָווס טעקסט (ז"ז 81-82)

אַזוי גייט זי אין דער שטאָט אַרייַן,
אַ גרויס ווירטהויז וואָס זי זיך רעמען (האָט זי זיך געזוכט).
זי פרעגט צי ער זי וועט נעמען איין.
דער ווירט פרעגט פון וואַנען זי קעמען (זיי קומען).

זאָגט זי: „איך וויל אויף דער האָכצייט זײַן,
אויב איך אַ פּעניג קען אײַננעמען.
מיט מײַן לירע וועל איך דאָ אומווינדן
און וועל דערײַן זינגען מיט מײנע קינדן (קינדער)".

דער ווירט זאָגט: „דו האָסט גאָר רעכט,
געלט געננג וועסט דיר געווינען".
ער הייסט, מע זאָל איר צו עסן ברענגט (ברענגען),
זי מוז אונדז אויך לייערן (שפּילן אויף דער לירע) הינען.
אויף אַ קאַמער ווײַזט איר דער קנעכט,
איז עסט זי און טרינקט דערינען.
און דערנאָך מוז זי גאַנץ נאַכט לייערן
און אַ טאַנץ מאַכן דעם זעלבן געשווייערן (מחותנים).

צו מאָרגנס שטעלט זי זיך פֿאַרן פּאַלאַץ דאָר (דאָרטן)
און הייבט אָן אויף איר לירע צו קלינגען,
און אַ ליד האָט זי געמאַכט גאַנץ און גאָר
פֿון בבאָן און דרוזיאַנען טוט זי דאָרט זינגען,
און ווי זי אין אַ וואַלד געלעגן וואָר (איז געלעגן געוואָרן),
און פֿון מאַקאַבראָן און פּעלוקאַן מיט אַלע דינגען,
און ווי אַזוי זיי מיטאַנאַנדערן האָבן געהאַנדלט,
ווען זיי האָבן אין לאַנר אַרומגעוואַנדלט.

און ווי זי זינגט דאָס ליד גאָר אויס,
איז בבאָ געלעגן בײַ אַ פֿענצטער דערנעבן
און שווײַגט שטיל ווי אַ מויז
און הערט זיך צו גאָר עבן,
און זאָגט זײַנע קנעכט: „פֿירט זי אַרויף אין הויז,
עסן און טרינקען זאָלט איר איר געבן,
איך וויל זי פֿרעגן פֿון וואַן ז'איז געקומען
און ווו זי די דאָזיקע מער (מעשה) האָט גענומען".
דרוזיאַנע, זי לויפֿט פֿון דאַן גאָר פֿריש (שנעל),
זי זאָגט: „ער דאַרף מיר גאָרניט שענקען".

בבא לאָזט אַרויס אַ גרויסן היש (זיפץ),
און הייבט זיך ערשט רעכט צו באַדענקען:
„דרוזיאַנע, זי איז אפשר נאָך געזונט און פריש, —
דאָס הער איך פון די דאָזיקע שווענקען (מעשיות)".
די קנעכט הייבט ער אָן צו שעלטן און פלוכן,
זיי זאָלן גיין די בעטלערין זוכן.

מ. קנאַפהייסעס טעקסט (ז' 313)

נו, ענדלעך קומט זי אָן אין שטאָט,
זוכט אָפּ אַן איינפאָר־הויז באַשיידן.
זי פרעגט זיך אָן ביים ווירט: צי האָט
איר חשק אונדז דאָ צו פאַרליידן?
קיין גראָשן געלט ביי מיר נישטאָ,
דאָך האָף איך מיט די קינדערביידע
דאָ אויף דער חתונה צו מאַכן
אַ קאַפּל געלט פון זינגען, לאַכן.

איך וועל שפּילן אויף דער לירע טריי...
— ווערסט געלט פאַרדינען דאָרט ביים עולם.
—היי, יונג! ברענג עסן גלייך אַריין!
וואָס שטייסטו אַליין נאָך ווי אַ גולם
כ'פאַרדינג אייך ס'שענסטע צימער מיינס
מיט קישנס, צודעק — פוכן הוילע...
געמוזט האָט זי דערנאָך נאָך שפּילן
און טאַנצן פריילעך נאָכן ווילן.

צו מאָרגנס איז זי אין געדראַנג
ביים פּאַלאַץ־טויער שוין געשטאַנען.
און אויף דער לירע שפּילט זי באַנג
דאָס ליד פון בבא און דרוזיאַנע,
אַליין געמאַכט עס פון געדאַנק,

ווי ס'האָט דער לייב אים, פּעלוקאַנעז,
צעריסן אין געשלעג אויף האַלב אים,
געלאָזט אין וואַלד זי מיט די שוואַלבן.

זי שטייט און זינגט אַזוי דאָס ליד,
דערהערט עס בבא מיט אַ ציטער.
ער קאָרטשעט זיך ווי ס'וואָלט געבריט
אים יעדער וואָרט, אי האַרב, אי ביטער.
ער זאָגט די דינערס: נעמט זי מיט
אַרויף אין הויז און עסן גיט איר,
און פרעגט, ווי קומט זי אומגעריכט דאָ?
פון וואַנען קען זי די געשיכטע?

זיי גייען צו צו איר, און זי
אַנטלויפט: איך דאַרף נישט, מ'זאָל מיר געבן.
זיי קומען צ'ריק: אומזיסט די מי,
מע קאָן זי נישט מיט כוח שלעפּן.
ער זידלט זיי: איר אָקסן, קי!
ער טראַכט: זי איז נאָך פול מיט לעבן
און לויטן ליד איז גרויס איר בעטקען...
— איר מוזט די בעטלערין מיר ברענגען!

נ. ב. מינקאָווס טעקסט איז צוגעפּאַסט פאַרן אַקאַדעמישן לייענער, וואָס דערוואַרט ניט עפּעס מער ווי די פּינקטלעכקייט און אָפּגעהיטנקייט פונעם איבערזעצונג־טעקסט אין פאַרגלײַך מיטן אָריגינאַל.

מ. קנאַפּהייסעס איבערדיכטונג האָט אין זינען דעם לייענער, ער וויל אים שאַפן פאַרגעניגן, אַריבערטראָגן אים אין אַ וועלט פון חלום און פאַנטאַזיע. ער וויל גאָר, אַז דער לייענער זאָל פאַרגעסן אַז עס איז אַן איבערזעצונג, ער זאָל ניט אין זינען האָבן צו פרעגן קשיות: ווי אַזוי שטייט אין אָריגינאַל? און וואָס באַשטייט דאָ אליהו בחורס וויץ און הומאָר? וואָס פאַר אַ גראַמאַטישע פאָרעם האָט

דאָ אליהו בחור באַנוצט? מ. קנאַפּהיים גיט אונדז אַ לעבעדיקע, פליסנדיקע דערציילונג, פול מיט שפּיל און לופט.

מיט מ. קנאַפּהייםעס איבערדיכטונג ווערט מקוים דער ווונטש און אָנזאָג פון מאַקס וויַינרייַך, אַז „די ליבע אַלטע בבא-מעשה אונדזערע מוז נאָך הייַנט זייַן אינטערעסאַנט פאַר קינדער און דער־וואַקסענע".





זעלטן בילד פון טלאָמאַצקע 13 אין וואַרשע מיט 40 יאָר צוריק אויף אַ ליטעראַרישן
אָוונט אונטערן פּאַרזיץ פון מאַרק טורקאָוו; דער אַרויסטריט פון דיכטער משה קנאַפּהייס
צום ערשטן מאָל אויף דער טריבונע פון ליטעראַטן־פאַראיין פאָרלייענענדיק קאַפּיטלען
פון זיין פּאָעמע פון וואַרשעווער אַלטשטאָט „מקום"; רעכטס: דער דיכטער בער שנאַפּער,
אומגעקומען אין לעמבערגער געטאָ; משה קנאַפּהייס, מאַרק טורקאָוו, שמואל ווולמאַן
אומגעקומען 1941 אין ביאַליסטאָקער געגנט; אין הינטערגרונט דער גרויסער פּאָרטרעט
פון י. ל. פּרץ וואָס האָט באַשיינט די אויבנאָן־וואַנט פון ליטעראַטן־פאַראיין אויף
טלאָמאַצקע 13

# מאַקעם — פּאָעמע פון אַלטשטאָט



י דאָזיקע פּאָעמע איז געווען מ. קנאַפּהייסעס דעביוט אין דער ייִדישער פּאָעזיע. אין 1936 איז אין חשובן ווילנער פאַר־לאַג פון ב. קלעצקין דערשינען אין אַלבאָם־פאָרמאַט, 32 זײַטן, קנאַפּ־הייסעס גרויסע פּאָעמע געווידמעט דעם אַלטשטאָטישן טייל פון וואַרשע, וואָס ייִדן האָבן אים גערופן מקום (הילע און פּאָרטרעט געצייכנט פון אַ. גוטערמאַן). דער נאָמען פונעם דיכטער קנאַפּהייס איז שוין געווען באַקאַנט — זײַנע לידער האָבן זיך געדרוקט אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס. פונדעסטוועגן האָט ער געפונען פאַר נויטיק זיך פאָרצושטעלן פאַר די לייענער אין אַ קורצער פאָררעדע, אונטערן נאָמען „אַ פּאָר ווערטער וועגן מקום און זיך" (דאַטירט: דעצעמבער 1935). ער דערציילט דאָ אַז די פּאָעמע „מקום" האָט ער אָנגעשריבן נאָך מיט 5 יאָר פאַר דעם, אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן אָדער עס האָט זיך ניט געלאָזט פאַרעפנטלעכן די פּאָעמע. פאַרוואָס? די טעמע און דער אינהאַלט פון דער פּאָעמע איז געווען צו דראַסטיש, צו געוואַגט סײַ לויטן אינהאַלט און סײַ לויט דער פאָרעם, אָבער דער עיקר — דאָס איז געווען בײַ אים, ווי ער דערציילט אין דער פאָררעדע, „אַ צײַט פון אינערלעכן אויפגעטרייסל, פון אַ גײַסטיקן איבערברוך. די שפּיציקע מײַזיש־שאַרפע ציין פון ספּיקות און סתירות האָבן צעביסן און צעפרעסן די געלע בלעטער פון רעליגיע — און דער גלויבן האָט זיך געבראָכן אונטער מײַנע פיס... די געשטאַלטן פון מקום האָבן אַרײַנגעבערענגט אומרו און צערודערונג אין מײַן ייִנגלערישן געמיט".

די טעמע, די בילדער, די אויסערלעכע ראַם, דער אייגנהייטלעכער טאָן זײַנען געווען פאַרן יונגן קינסטלער קלאָר און ער האָט זיי באַהערשט. אָבער דער אידעיִשער צוגאַנג, די קולטור־געזעלשאַפטלעכע אָפּשאַצונג פון דער גרויליקער מקום־סביבה האָבן אין אים ערשט גערייפט, געיווירט. עס האָט אים געפעלט „די ציל־

אַנגעווענדטקייט", די גאַנצקייט פון אידעיִש־קינסטלערישן באַנעמען דעם מאַטעריאַל. אַט דאָס דאַזיקע „איבערבאַוואָפּענען זיך" איז גע־קומען במשך די 5 יאָר ביזן פאַרעפנטלעכן די פּאָעמע. ערשט איצט האָט ער דערגרייכט זײַן ציל, דערגרייכט „אַן אַנדערן אָפּענעם בליק אויפן מקום, זײַנע געשטאַלטן און געזעלשאַפטלעכע דערשיי־נונגען". מע דאַרף אַזוי פאַרשטיין, אַז ער האָט די אַלע יאָרן גע־אַרבעט און געוויזיטיקט איבערן מאַנוסקריפּט פון דער פּאָעמע. ער האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסן קינסטלעריש־שעפערישן מהלך פאַר די 5 יאָר. „די דאָזיקע צײַט האָט מיך אויסגעלערנט אַנדערש באַ־נעמען געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, אָביעקטן און אויך אַנדערש קוקן אויף די פּערזן פון מקום".

* * *

די בילדער פון מקום, וואָס מ. קנאַפּהיים פאַרקערפּערט אין דער פּאָעמע, זיינען רעאַליסטיש. אין דרייסטע באַוועגונגען מיטן מאָלערישן פּענדזל אַרבעט ער איבערן לײַוונט פון דער פאַרטראַכ־טער פּאָעמע. אין 18 באַזונדערע געדיכטן, אין לאַנגע שורות מיט 16 טראַפּן, צו 6 סטאַנצן אויף יעדער זײַט, שפּינט ער דאָס טרויע־ריקע בילד פון „מקום". עס גיסן זיך, עס כוואַליען זיך זײַנע פּערזן און סטראָפעס, ער רעדט צום מקום ווי צו אַן אייגענעם היימישן שכן.

**ווי ס'וואָלט זיקנה דיך דערקוטשעט אין שלאָפּלאָזע נעכט**
**— אָ, גראָער, קראַנקער מקום!**
**קרעכצסטו, האַלב פאַרזונקען אונטער לאַסט פון יאָרן, אַזש**
**עס קאָרטשען זיך די פּלייצעס־ווענט;**
**ס'אַמפּערן זיך פינצטערע געשטאַלטן דאָ און ס'כאָרכלט**
**עמעץ: הרגע! שטעך אים! שטיק אים!**
**און פאַרשטאַרט קאַלט קוקסט אויף ליגנדיקן אין קאַלוזשע**
**בלוט מיט אײַנגעקראַמפּטע הענט — — —**

**אין געסלעך — שמאָל ווי קאָרידאָרן, פול מיט חושך נאַכ־**
**טישן באַגאָסענע -**
**הילכן אָפּ הויל צײַטנווײַז די טעמפּע טריט פון אַלטן**
**הוסטנדיקן וועכטער;**

פון אַ „הייזל” פאַלט אַרויס אַ שיכורלעכע מויד, אַן אויס־
גיין גלאַסענע
און דערשטיקט אין חורכגעבראָכטער קעל, אין טרוקענער,
אַ ווילד פאַרשייט געלעכטער.

נאָר אין איין געדיכט, „פרילינג אויפן מקום”, פירט ער אַרויס יידישע טיפּן: „רוזשקעלע די שוואַרצע פעסטע מויד” און „אַלטערל (מע רופט אים יאָספּע לייעלע), דער געלזוכטיקער שוסטער פון בזשאָזאָווע-געסל”. עפּעס פּאַסן זיי זיך ניט אַריין אין דער זאַמלונג לידער, זיי זעען אויס ווי אומשולדיקע צדיקים לגבי דער גוייִשער באַפעלקערונג פונעם מקום. ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג — אַלע שיכורן — „אין טריפן בלוט ביי זיי ס'איז בירושה, און מע נעמט אַהיים אויף נאַכטלעגער אַט אַזאַ איינע, טיילמאָל גאָר די אייגענע טאָכטער פאַר אַ ווייב”. „טאַטעס טרינקען און פאַרטרינקען יעדן אויסגעהאָרעוועטן גראָשן”, 16-, 17-יעריקע טעכטער גייען לתרבות-רעה, „זיי פאַרהאַנדלען זייער לייב”. קומט אַ יום טוב אַ זונטיק-חגא, ווערט עס ווייטער אויסגעפילט מיט טרינקען און געשלעגן. אויף אַ מאָמענט אַנטשטייט אַ ביסל רויִקע געזונטע פרייד. די יינגערע לאָזן זיך אין אַ טאַנץ הוידאַנאַ, „עס ווערט די ערד אַלץ גרינגער, גרינגער און פאַרדרייט זיך מיט די בריקן, ווייסל, הימל — אַלץ אין איינעם אין געווירבל ווערט פאַרמישט”. אָבער באַלד קומט אַ וויסטע איבערקערעניש.

נאָר נישט געוועזן איז דער זונטיק נאָך, וואָס זאָל אַדורכ־
גיין גלאַטיק, אָן געשלעג, אָן מעסערשטעך.
אָט מע וויים נישט וויאַנאָך — און פרייליכדיק צעטאַנצטער
מענטשן-קנויל פאַרוואַנדלט ווערט אין ברענענדיקן כעס;
סע שפּריצן אויגן ווילדן האַס, ווי וועלף געדרייצט פון הונ־
גער, — קיילט מען זיך אַ שרעק
אזיך טרעפט: פון קלעפּ עס פאַלט ווער אום, איז גלייך
אין פּנים קריגט ער אַ באַטשוועקעטן אָפּצאַס.

אויך דער דיכטער ווערט אַריינגעצויגן אין געווירבל פון מקום, — פון זיינע געסלעך און מענטשן, פון זיינע פריידן און

ליידן. „ערשט טיף אין מיר הער איך געווײנען געמישט מיט גע־געלעכטער און טויבע פארשטיקטע געשרייען". דער יונגער דיכ־טער קעמפט מיט זיך. אלץ איז אים דא אזוי נאענט און מענטש־לעך פארשטענדלעך, אפילו די זינד און פארברעכנס.

**דא ליגן איצט ברידערלעך מיינע — די מקומשע געסלעך,**
**ווי היימלאזע שלעפערלעך־קינדער און שלאפן — — —**
**באוועגן זיך קוים מיינע ליפן און פליסטערן ווערטער ווי**
**קושן: ס'איז גוט... אזוי גוט...**
**ביסט טאטע, ביסט מאמע, ביסט אלץ מיר, א, שטילער,**
**פארשוויגענער, אינזיך פארשלאסענער מקום.**

דער דיכטער נעמט אויף און זאפט אריין אין זיך די כישופ־דיקע מעשיות פון דער אלטשטאט, פון איר שיינער פארגאנגענ־הייט, הגם זי איז שוין איצט באמת אלט, „די אלטיטשקע באבעשי־מקום, מיט אירע אוורינגען־גלאקן".

* * *

דער צווייטער טייל פון דער פאעמע איז געווידמעט דער אלטשטאט פון דער צייט פון איר ווידער־באנייונג און רעסטאווי־רירונג. די פוילישע רעגירונג און די פוילישע געזעלשאפט האבן געוואלט אונטערהאלטן דעם נאמען און די חשיבות פון מקום, וווהין מענטשן פלעגן שטראמען צו „באוואונדערן צוזאמען מיט די קלויסטערס, הייזלעך פון משונהדיקן בוי און אלץ וואס איז נאך פון אמאל": די פרעכטיקע געסלעך, די בארימטע סירענע וואס איז די עמבלעם פון דער שטאט ווארשע, די סטאטועס און געצן, די פאלייען און מוזעומס. האט מען אוועקגעשטעלט ארכיטעקטן, מאלערס און קינסטלערס אויפצופרישן, אויסצוסטראיען יום־טובדיק, אויספוצן און איבערניצעווען די געביידעס און געסלעך פון דער „אלטשטאט־מאמע". איצט זעט זי אויס ווי א פארכישופטער פאלאץ מיט פאנטאסטישע מאלערישע פאנאראמעס. אין די יום־טובדיקע טעג קומען צו נאך רעליגיעזע פראצעסיעס, געהאלטן אין גלאנץ, באגלייט מיט גלאקן־געקלאנג — „צעציטערן, צעברומען זיך די ארגל־טענער מעכטיקע און שפרייטן איבער קעפ זיך אויס ווי נעצן".

אָבער די אַלע פּוץ-און פאַרב-באַצירונגען זיינען געווען נאָר פאַר די געסט, די באַזוכער וואָס קומען פון דער הויך, פון וואַרשע שטאָט. צום מקום און זײַנע אײַנוואוינער האָט דאָס אַלץ נישט קיין שײַכות. מקום איז געבליבן דער זעלבער.

נאָר דאָס מגושמדיקע לעבן מקומס, ס'פרײַע, אומגעצוימטע,
נישט געענדערט איז געוואָרן אין די געסלעך. — — —

שיכורט מען אַזוי אָן אויפהער: אויסגעניכטערט זיך נאָר
וואָס פון ערשטער שיכרות — פאַלט מען אין דער
צווייטער גלײַך אַרײַן — — —

און טאָג נאָך טאָג און נאַכט נאָך נאַכט און אייביק אָט
אַזוי... גייט מען דורך די יאָרן — — —
גאַסן, הײַזער, שטובן, מענטשן — בילדער זינדיק־פאָרנאָ־
גראַפישע — אַ וועלט אַזאַ, אַ הפקרע, אַ פרײַע.

און אַלטשטאָט קלאָגט זיך:

שוין געציילטע, לעצטע זענען מײַנע טעג — —
טײַערע סירענע! מוחל זיי, וואָס האָב פאַרשטויסן דיך,
אָ, העלף מיר, זיך דערבאַרעם!

* * *

„מקום איז אַ וועלט פאַר זיך, מיט אַ באַזונדערן שטייגער לעבן און וועלט-באַנעם" — דערציילט מ. קנאַפּהיים אין זײַן פאָר־רעדע. מ ק ו ם איז אויך דער באַליבטער פונקט פאַר מענטשן ג ע וו ע ז ע נ ע — פאַרלוירענע, פאַרגעסענע, מענטשן „פון אַ קראַנקן נעכטן, איבעריקן הײַנטטאָג און צעפוילטן מאָרגן". אָט דרייט זיך דאָ אַרום אַ צעשראָקענער אומזיכערער פידלער און ער וויינט עלעגיש אויף זײַן פידל; אָט שלעפּט זיך אַרום דאָ דער „יונג־אַלטיטשקער פּראָפעסאָר־פילאָזאָף־דעגענעראַט, מיטן איידל־העלן נזיר־פּנים", איינזאַם אויסגעמאַטערט פון לעבן. ער לאָזט אַדורך זײַנע לעקציעס, מאַכט פון זיך אַ תל, — „איך בין פּראָפעסאָר פילאָ־זאָף אין לעבן און אַזעלכער וועל איך פאַרבלײַבן ביזן טויט"; אָט

וואַלגערט זיך אויף די קלויסטער־שטיגן „דער סיפיליטיקער, דאָס אַלטע שיכור־פּאַטערל... דאָס געוויסן פון דער מקום־וועלט"; און אַט איז „אַ דיכטער, אַ פאַרדעכטיקטער אין נעבעכדיקן שלעפּער־הולך". אין דער ציטירטער פאַררעדע דערמאָנט קנאַפּהייס נאָך אַנדערע „העלדן" פון מקום! „דער אַדוואָקאַט מיטן אייביקן שטרויענעם הוט און פּאַפּירענע מאַנזשעטן", „דער אויבער־קאַנטאָר פון דער בערלינער סינאַגאָגע, קיווע גרעפּסער" און נאָך אַנדערע פאַרשוינען.

דאָס איז דער מקום. אַן אויסגעשפּילטע וועלט, פול מיט צעקראַנקטע גופים... אָבער פון זיי „לײַכטן די געלײַטערטסטע נשמות", לויט די ווערטער פונעם פּאָעט. דער דיכטער זעט אין יעדן ווינקל, אין יעדן מענטשן פון מקום — טראַגישע פּלאָג און געפאַלנקייט. ער פאַרמיאוסט אָבער ניט די אַלטשטאָט־מאַמע, דער מקום ווערט בײַ אים אַ סימבאָל, אַנאָנימער רעפּרעזענטאַנט פון „אַ וועלט פון צעפוילונג און פונאַנדערפאַל, אַ וועלט פון אונטערגאַנג".

**מקום, אויסגעשפּילטע וועלט! וויל נאָך דיר אַ גוט וואָרט נאָכזאָגן אַן איינזאַמער דיכטער— לאָזן נישט די קראָען.**

דאָס ביסל פרייד וואָס דער מקום האָט יאָ געהאַט — די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט — ווערט אויך צוביסלעך פאַרשטערט. די יוגנט אַנטלויפט קיין וואַרשע־שטאָט, אַרויף באַרג. „הײַנט איז שוין די פרייד בײַ קינדער גאָר אַן אַנדערע, געזונטע — פרעמד און ווײַט פאַר טאַטעס, עובר־בטולדיקע לײַט". וועט אָט די יוגנט ברענגען לייזונג פאַר דער הפקרער וועלט? דעם דיכטער איז געוועזן באַשערט — אַ סך אַנטוישונגען און פאַרביטערונגען אַרום דעם פּראָבלעם.

די פּאָעמע מקום פאַרענדיקט זיך מיט אָט די שורות:

**ווי גלאָקן אויפגערוישטע, אויפגעקלונגענע אויף יום־טוב אין טרעוואָגע.**
**וויגט און הוידעט זיך אין האַרצן מײַנס שטורעם פון אַ וועלט.**
**טויזנט הערצער אין מײַן האַרצן, טויזנט שטימען אין מײַן שטים, —**

**קום איך אַ צעזונגענער, קום איך אַ צעצונדרעטער,**
**מיט לידער נײַע אײגעם בלוט מײַנס אויפגעקוועלט.**

אַט דער גלויבן, מעג ער אויסזען נאַיוו און נעפּלדיק, — דאָס איז די גרויסע מעלה און שיינקייט פון דער פּאָעמע מיט איר לי־רישן און אוממיטלבאַרן טאָן.

עס איז אַ מאָנאָטאָנער גאַנג אין דער פּאָעמע. כוואַליעס, שווע־רע טראָפּן און לײַכטע טראָפּן קומען אָט אַרויף אָט אַראָפּ. אַזוי אין יעדער סטאַנצע באַזונדער. אַזוי אין יעדער גאַנצער זײַט אין דער סומע פון אַלע זעקס סטאַנצן. דער הויפּטפּונקט קומט געוויינטלעך אין דער פינפטער סטראָפע פון ליד, די זעקסטע סטראָפע פון ליד איז אַן איבערחזרונג פון דער ערשטער. יעדע שורה האָט פיר פויזעס, צעזורעס, זיי זיינען דיקטירט אָדער דורך דעם לאָגישן זי־נען פון דער פּראָזע, אָדער דורכן ריטם פון די ווערטער אין די שורות.

וואָס שייך די גראַמען: זיי גייען אין דער אָרדענונג 1 — 3, 2 — 4. זעלטן טרעט ער אָפּ פון דעם כלל. פאַראַן אויך ריזיקאַ־לישע גראַמען: ווייסט איר — ימאָנאַסטיר, בעט — אַרײַנעט, יע־זוסן — באַוויזן.

די פערזן זיינען מאָנאָטאָן, אָבער ניט טאָנלאָז, ניט ריטעמלאָז. דער אײַנדרוק פון מאָנאָטאָנישקייט באַקומט זיך דערפאַר, ווײַל דער סטיל איז אַ רויִקער, פּאַמעלעכדיקער, און דער טאָן איז אַ מע־לאַנכאָלישער. און הגם די סטראָפן זענען רײַך מיט פּרעציזקייט אין דער באַשרײַבונג, דאָך ווערט איר נישט מיד לייענענדיק אָט די לאַנגע געמאָסטענע שורות.



# פון מקום ביז סאַמאַרקאַנד און צוריק



י טראַגישע צען יאָר פאַרן פוילישן ייִדנטום — 1935־1945 — זײַנען געווען שווערע יאָרן פאַר מ. קנאַפּהיים. צען יאָר אָנגעפילט מיט חורבן און טראַגישן געלויף כדי זיך צו ראַטעווען פון נאַצישן מעסער. מ. קנאַפּהיים איז איינער פון די טויזנטער פּליטים, וואָס דער מלחמה־ווירבל האָט זיי פאַרטראָגן אַזש ביז סאַמאַרקאַנד. אָבער גראָד אין די לעצטע 5 יאָר איז זײַן טאַלאַנט זיך צעוואַקסן, געוואָרן פאַרפעסטיקט.

אין זײַן גרויסער פּאָעמע „ייִדן" אין בוך מ ג י ל ת  י י ד, פּירט קנאַפּהיים אַרויס די פיגור פון באַקאַנטן וואַרשעווער פאָלקס־דיכטער הערשעלע. די דײַטשן טרײַבן די עדה ייִדן צום טויט. דער פאָלקסדיכטער גייט צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה.

פאַרפלאָנטערט אין עולם...<br>
ער בלעטערט און מישט<br>
זײַן ביכעלע לידער —<br>
ער גייט און ער שרײַבט<br>
אַרײַן איצט דאָס טויזנט־און־איינע ליד — — —<br>
פאַר וועמען? פאַר וועמען? געפונען אַ צײַט...<br>
נאָר הערשעלע הערט נישט, ער שרײַבט און ער גייט.

און אַזוי זעט אונדז אויס דער דיכטער מ. קנאַפּהיים. זײַן „מגילת ייִד" — לידער, באַלאַדן, פּאָעמען" איז אַרויס אין וואַרשע אין 1948, שוין נאָכן חורבן. קנאַפּהיים איז געקומען פון גלות קאַזאַכסטאַן און געבראַכט מיט זיך פולע הויפנס לידער, געשריבן אין יענע קאַשמאַרע יאָרן. אונטער די לידער זײַנען אָנגעגעבן דאַטעס: לוצק 1939, ביאַליסטאָק 1940, פּוכאָוויטש־מינסק 1940, סאַמאַרקאַנד 1941–1942, אַלמאַ־אַטאַ 1943 און 1944 און 1945, פּעטראָפּאַוולאָווסקער באַרקעס 1944, לאָדזש 1946 און 1947. אַ טראַגישע געאָ־

גראַפיע... אַ טראַגישער קאַלענדאַר... אַט אַזוי שפּאַנט דער דיכטער איבער די שטעט און לענדער פון זײַן אַנטרינונג, און אומעטום מיט זײַן ביכעלע אין וועלכן ער פאַרשרײַבט זײַנע לידער. „ער שרײַבט און ער גייט". און ער בלײַבט געטרײַ זײַן וואָרט —

**נאָר מיין ליד און מײַן טרוים, וואָס אין פײַער**
**מיך באַגלייט, וועט נישט קיין מאָל פאַרגיין.**

* * *

„מגילת ייִד" איז נישט קיין איינהייטלעכער בוך, נישט אַלע לידער פאַרדינען דעם זכות צו זײַן פאַרטראָטן אינעם באַנד מיטן דאָזיקן נאָמען, וואָס רופט אַרויס אַ ציטער בײַם לייענער ווען ער נעמט אין האַנט די מ ג י ל ת י י ד. אַזוי למשל געפינט זיך אין דער ערשטער העלפט פון בוך אַ סעריע לידער אונטערן נאָמען „די תפיסות אין וואַרשע - לאָדזש - שעראַדזש, 1934-35". (אַ טייל פון די דאָזיקע לידער האָב איך דערמאָנט אין דעם קאַפּיטל „לירישע באַלאַדן"). די נעמען פון די לידער רעדן וועגן זייער אינהאַלט. אָפט זיינען זיי פּראָזע אין פערזן. דאָס בעסטע ליד אין דער סעריע איז „מיטן עטאַפּ", —עס האָט אַן אויסגעהאַלטענעם ריטם, עס איז בילדעריש און פאַרמאָגט טעמפּעראַמענט. דאָס דאָזיקע ליד שטייט העכער פון די איבעריקע, וועלכע זיינען אָפט אומרײַף און גראָ-וואָכעדיק. ווי פּאַסט זיך גאָר אַזאַ סעריע לידער צו מגילת ייִד?

אַ סעריע לידער אונטערן נאָמען „ש פּ י ל א ו י ף, אַ ר ק ע ס ט ע ר". דאָס לעצטע ליד אין דער אָפּטיילונג איז דאַטירט לוצק 1939. טויזנטער פּליטים האָבן איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אין דער וואָלינער ייִדישער שטאָט לוצק. ס'איז אַ ליד „פון בלוט, פון טרערן, פון פאַרצווייפלטע געשרייען", אַ ליד פון איינעם וואָס איז „אויסגעוועזן אַלע דײַנע וועגן, פּוילן". דער דיכטער ווייסט אַז די פּוילישע ערד איז איצטער שוין „פאַראַקערט, ווי מיט זוימען, מיט די געביינען פון מײַנע ברידער". און מיט אָט דעם „ליד פון אַלע גרוילן, פון בלוט, פון וואַנזין" וויל ער היילקן זייערע „צעטראָטענע געוויינען". קיינער וועט שוין אים פון זײַן טרויער נישט באַפרײַען...

אויך איבער אַלע איבעריקע לידער פון דער סעריע הענגט דער אָטעם פון טויט און בלוט. אין דער אָפּטיילונג גייט אַגב אַרײַן „די באַלאַדע פון פאַרבלוטיקטן היטל", וועגן וועלכער איך דערצייל באַריכות אין ערשטן קאַפּיטל פון מײַן בוך. די פּאָעמעס פון דער **מגילת ייִד** באַגלייטן דעם פּוילישן ייִדן אין די יאָרן **ערב** דעם נאַציקריג, **בעת** דעם קריג און בײַ דער **ענד** פונעם קריג. בלוט, אַש, קברים צייכענען דעם גאַנצן וועג. דער דיכטער דערשיינט פאַר אונדז אין דעם באַנד — פון זײַנע סאַמע ערשטע דיכטערישע טריט ביז די יאָרן נאָכן קריג, ווען זײַן טאַלאַנט איז געשטאַרקט און גערייפט.

„**אַמאָל איז געווען אַ מעשה**" — 17 געדיכטן און צום סוף אַ גרעסערע פּאָעמע אונטער דעם זעלבן נאָמען, — רײַפע לידער, אויסגעהאַלטענער טאָן. עס פילט זיך מער זיכערקייט און שטײַפקייט, אָפּט איז עס געלעכטער דורך טרערן און גאַל. ער באַהערשט אַלץ מער די פאָרם פון באַלאַדע, פון פאַנטאַסטישער פּאָעמע, און ער ווערט אַלץ מער נאַראַטיוו און דידאַקטיש. מיט איראָניע באַטראַכט ער די קאָנטראַסטן פון לעבן און פון טויט, ער ווערט פּרעציזער, פּינקטלעכער און קלאָרער. אינעם „ליד וועגן אַ הונט און אַ קינד" רעדט ער סאַרקאַסטיש צום קינד:

**ווען דו וואָלסט אַ הינטל געווען, מײַן קינד,**
**עס וואָלט דיך געקויפט שוין אַ רײַכער אין שטאָט.**
**וואָלסט געגעסן צו זעט, וואָלסט געלעבט ווי אַ פּרינץ...**
**נאָר צו קויפן אַ קינד איז קיין בעלן נישטאָ.**

אָט מאַכט ער חוזק פון „גאַרדעראָביער" וואָס שטיקט זיך אין דער גאַרדעראָבע צווישן פרעמדע מאַנטלען, צילינדערס, קאַלאָשן, שאַלן און שטעקנס. ווער זעט, ווער פאַרשטייט וואָס עס לעבט אַיבער אַזאַ שומר אָט דאָ, אין איבערגעפילטן צימער?

**און צו וועמען געהער די טרער,**
**וואָס וויל נישט ווערן פאַרלאָשן?**

ער אַליין, דער דיכטער, פילט זיך ווי „דער פּרינץ פון סמאָטשע גאַס". די וועלט איז אַזוי טרויעריק, האָפענונגלאָז, און דעם

דיכטער בלײַבט נאָר אײנס — „איך זאָל די וועלט דערזען דורכן חלום”.

רירנדיק דערציילט ער אין דער גרעסערער פּאָעמע „אַמאָל איז געווען אַ מעשה” וועגן זײַנע קינדער־יאָרן, וועגן די עלטערן און דער משפּחה. „ס'יאָר נײַנצן פערצן זע איך לויפן ווי אַ מטורף”. אין שטאָט איז הונגער, די דײַטשן ראַבעווען, זיי דערמאָרדן דעם טאַטן. „דאָס 17טע יאָר איז פול געווען מיט פײַנען, מיט אומגליקן”. דעם פּעטער נאָטעס טאַכטער פייגע ברענגט אַרײַן אין שטוב נײַע לי־דער, נײַע האָפענונגען —

אַז רוסלאַנד האָט אַראָפּגעוואָרפן שוין די קייטן
און מע האָט שוין משלח געווען דעם קיסר.
איצט וועט די אונטערערד פון פוילן זיך אַ גרייט־טון
און אָפּטרייסלען פון זיך ס'פאַרהאַסטע פרײַסן.

און עס קומט דער טאָג פון שטראָף און נקמה. מע זעט:

די גאַסן זענען לער, די לאָמפּן פינצטער שטאַרן.
די לעצטע דײַטשן טרעטן אָפּ פאַרשפּעטיקט.
זיי פויזן, דראַפּן זיך... עס שטופּן זיך און שפּאַרן
די דײַטשע סילועטן — קרום און שפּעטיק.

דער לעצטער דײַטש האָט זיך אויפגעהאַנגען...

* * *

„דאָס ליד פונעם ייִד, זײַן גילדענער באָרד און דער טערקישער שאַל” און די פּאָעמע „אַמאָל איז געווען אַ מעשה” באַשײַנען דעם בוך, דאָס זיינען פון די בעסטע און שענסטע זאַכן אין בוך. אויך „דאָס ליד פונעם ייִד” איז וועגן דער צײַט פון ערשטן דײַטשן קריג (1914), אָבער געשריבן איז עס אין 1943. ס'איז געשריבן ווי אַ באַ־לאַדע, אין עפּישן טאָן, אָבער זי איז פול מיט גרויל. דער דיכטער שרײַבט מיטן שטילן הומאָר וועגן דעם ייִדנס באָרד:

נאָך ווייניק אַ באָרד, איז זי רויט נאָך דערצו!
אַ גילדענע באָרד, אַזש זי פלאַמט און זי גליט.
מע טרעפט אַזאַ באָרד נישט בײַ איטלעכן ייִד.

אָט די באָרד ברענגט אומגליק פאַר ר' ישראלן. זי רייצט און דענערווירט דעם דײַטשן אָקופּאַנט. די באָרד פירט ר' ישראלן צום

טויט, צום סאַדיסטישן מאָרד איבער אים. זײַן פרוי האָט געפילט אַז די באָרד וועט אים ברענגען דאָס אומגליק, זי לאָזט אים ניט אַרויס אין גאַס סײַדן ער זאָל אָנטאָן די טערקישע שאַל און פאַרבאָרגן די באָרד. „די טערקישע שאַל איז נישט סתם זיך קיין שאַל, איר יחוס איז גרויס... זי איז ירושהדיק אַלט". אָבער די שאַל ראַטעוועט ניט ר' ישראלן. מען אַרעסטירט אים, מע נעמט אים צום קאָמענדאַנט,, מע מאַכט פון אים חוזק, אָבער ער האַלט זיך שטאָלץ און שטײַף. די דײַטשע רציחה קאָן זיך ניט אײַנשטילן און צום סוף —

**אָט דאָרט אויפן בוים צווישן טײַך און דעם וואַלד ווייגט זיך ר' ישראל אויף דער טערקישער שאַל.**

עס איז אַ וואָגיק ווערק, מיט אַ סך מעלות. ייִדיש באַוווּסטזײַן, ייִדישער שטאָלץ און חן שײַנט אַרויס פון יעדער שורה. הגם עס איז געשריבן אונטער די קלאַנגען פון קאַנאָנען און מערדערלעכע עראָפּלאַנען אין דער צווייטער דײַטשער וועלט־מלחמה, געפינט אָבער דער דיכטער אין זיך די נויטיקע באַהערשטקייט, ברידערלעכקייט, ער פאַרדעקט דאָס טריפנדיקע בלוט מיט שטילער ייִדישלעכער מינע. די שפּראַך, דער ריטם, די גראַמען זיינען גוט צוגעפּאַסט, עס איז קונסט פון אַ רייף געוואָרענעם דיכטער.

גאָר גוטע לידער זיינען די צוויי לעצטע אָפּטיילונגען פון בוך: „בלוט פאַר בלוט" און „חורבה־שטיינער". אַ טייל פון די לידער זייגען אַריין אין די שפּעטערדיקע לידער־זאַמלונגען פון מ. קנאַפּהייס, און איך האָב זיי באַהאַנדלט אינעם קאַפּיטל „סאָנעטן און באַלאַדן". איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן נאָר אויף אַ פּאָר פּאָעמעס. „די חלום־באַלאַדע" און „צוויי אַלטע קאַשטאַנען" (געשריבן אין 1942 און 1946) זיינען אויסערגעוויינטלעך ליריש און צערטלעך. די „באַלאַדע פון פיר ייִדישע יונגען אין אוזבעקישער שענק" גיט איבער די שטימונג פון די יוגנטלעכע פּליטים. זיי פילן זיך שולדיק, וואָס זיי זיצן דאָ אין דער שטאָט סאַמאַרקאַנד און באַטייליקן זיך נישט אויף די פראָנטן. די נאַטור פון לאַנד איז שיין, די אוזבעקן און זייערע טעכטער זיינען שיין, אָבער די שיינקייט גייט ניט אײַן די פיר ייִדישע יונגען —

און ס'ווערט זיי ניט איין מאָל ביז ווייטיק אויך קלאָר — —
די אמתע וואָר איז דאָס שלאַכטפעלד און דאָרט,
דאָרט זענען זיי נויטיק, דאָרט איז זייער אָרט...
און איינער דעם צווייטן דערלאַנגט זיך די האַנט
גאַנץ פרי צו פאַרלאָזן די שטאָט סאַמאַרקאַנד.

די סאַמאַרקאַנדישע לידער זענען פול מיט ליבשאַפט צום אָר־טיקן פּייזאַזש און צו די אָרטיקע מענטשן. פאַר מ. קנאַפּהייסן האָט דאָ זיך אַנטפּלעקט אַ נייַע וועלט: אומעט פון קעמלען אין בלעכע־נעם קלאַנג, פאַרביקע שטאָט אַרומגערינגלט מיט בערג, דער נאַיווער אוזבעק מיט זייַן אייזעלע, דער זילבער־נעפּל אויף די פיאָלעטע בערג. אָבער דער דיכטער קען נישט געניסן פון דעם אַלעמען און ער רופט אויס: „איך וויל שוין מער ניט וויסן וואָס ס'איז גליק", „מיט אָבל־טריט די אָוונט־בערג כ'פאַרלאָז — ס'איז דייַן שיינקייט מיר דערווידער".

די דאָזיקע אָפּטיילונג אין בוך הייסט „בלוט פאַר בלוט". פאַר די אויגן פון דיכטער טראָגן זיך די דייַטשע רוצחים, און אַלץ רופט אין אים צו נקמה. „כ'וועל זוכן, נאָכשפּירן די מערדערישע טריט... כל־זמן ס'וועט קלאַפּן נאָך אַן אָדער ביי די פייַנד". זיצנדיק דאָ אין דער שטאָט פון מיטל־אַזיע, זעט ער פאַר זייַנע אויגן די העראָישע קאַמפּן פון די אויפשטענדלער אין וואַרשעווער געטאָ, זייער קרבן־עולה זייַן אויפן מזבח פון ייִדישער פייַן און ייִדישן מוט.

אָט די לידער פון דער צווייטער העלפט פון בוך פאַרמאָגן אַ סך לירישקייט, האָבן אַ שיינעם ריטם און אויסקלאַנג, לייַכטע גראַ־מען. די לידער זיינען מיט אָפנהאַרציק־קלאָרן און אינטימען באַ־טייַט. דעם דיכטערס איך גיסט זיך צונויף מיטן גרויסן ייִדישן פאָלקס־קאָלעקטיוו, זייַנע פערזענלעכע פּייַנען און אבדות אין דעם נאַצי־מבול — זיינען איינס מיטן קידוש־השם פון דער גאַנצער ייִדישער עדה. קלינגען זייַנע לידער ווי שטילע געזאַנגען פון דער פאַרוווּנדעטער ייִדישער נשמה.



## צוויי ייִדישע דיכטערס פון דער שארית הפליטה אויף די חורבות פון פוילן



משה קנאַפּהייס און ישראל אַשענדאָרף אין 1947 אין חרובן וואַרשעווער געטאָ



ין 1946 איז מ. קנאַפּהיים צוריקגעקומען פון גלות סאַמאַרקאַנד, ער האָט דאָ איצט אָנגעשריבן אַ גרויסע פּאָעמע וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד א״נ „דער חלום פון געטאָ". אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון קאָמוניסטישן פּוילן און זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז. אין 1951 האָט ער דאָ אָפּגעדרוקט אַ בוך פּאָעמען: „לבנה־קריכער". דאָס דאָזיקע בוך אַנטהאַלט דריי גרויסע פּאָעמען: די אויטאָביאָגראַפישע פּאָעמע „לבנה־קריכער" (70 זייטן); די פּאָעמע פון אַלטשטאָט „מקום" וועגן וועלכער איך שרייב אין אַ פּריערדיקן קאַפּיטל; און די דערמאָנטע פּאָעמע „דער חלום פון געטאָ" (איבער 40 זייטן). די פּאָעמע מקום איז דאָ אָפּגעדרוקט טעכניש־גראַפיש אַנדערש ווי אין דער אָריגינאַל־אויסגאַבע פון ב. קלעצקין: די ברייטע פיר־שורהדיקע סטראָפעס צו 25־30 טראַפן אין יעדער שורה, זענען אין דער פּאַריזער אויסגאַבע אויסגעשטעלט אין גאָר קורצע שורהלעך. דער ריטעם איז נישט געענדערט, אויך די גראַמען זענען די זעלבע ווי אין אָריגינאַל. נאָר דאָ און דאָרט איז געענדערט אַ וואָרט און גאָר זעלטן — אַ שורה.

די אויטאָביאָגראַפישע פּאָעמע „לבנה־קריכער" האָט מ. קנאַפּהיים אָנגעשריבן נאָך פאַר דעם דייטשן איבערפאַל אויף פּוילן — אין די יאָרן 1938 און 1939. אין זיין פאָררעדע צום בוך דערציילט קנאַפּהיים וועגן דעם וואַנדער־גורל פון דער פּאָעמע און פון איר ניסימדיקער אָפּגעראַטעוועטקייט. אין 19 קאַפּיטלעך באַשרייבט ער זיינע חדר־יאָרן און אַנדערע מאָמענטן פון זיין קינדהייט. אויף דער דאָזיקער סעריע לידער רוט אַ יידישער חן און אַ רירנדיקע פּערזענלעכע נאָסטאַלגיע. יידישע קינדער — זייערע חלומות און פאַנטאַזיעס, זייער אַריינגעטאָנקייט אין דער וועלט פון שדים און רו־

חות און אין דעם קאָכיקן סמאָלע־קעסל אין גיהנום; זייער אַקטי־ווע שעפערישקייט וואָס רופט בײַם רבין אַרויס דעם שווערן גזר: לא תעשה לך פסל, זייער בענקען נאָך פרײַער לופט און שפּיל, זייער פּחד פאַרן סוד פון טויט, זייער וואַרטן „עס זאָל אויף זײַן פערד שוין קומען משיח צו רײַטן" — זיי „הערן שוין דעם שופר טרומייטן", — דאָס אַלץ ווערט באַזונגען אין שיינע מעלאָדישע ווױלקלינגענדיקע סטראָפן און אין אַ מילדן הומאָר־טאָן.

אָט איז אַ מוסטער פון די דאָזיקע אויטאָביאָגראַפישע לידער מיט זייער ריטעם:

**מײַן אָרעמע גאַס איז געוועזן**
**אַ מעשה פון טויזנט איין נאַכט.**
**דער וואַנסיקער סטרוזש מיטן בעזעם —**
**דער אַשמדאי — שד מיט זײַן מאַכט.**

**געבליבן ר'איז דאָ מיט זײַן ווײַב,**
**ווען ס'זענען די דײַטשן אַנטלאָפן.**
**די הויזקינדער יאָגט ער און טרײַבט,**
**און קיינער זעט אים ניט שלאָפן.**

אַנדערש איז די „פּאָעמע פון אויפשטאַנד און אומקום — דער חלום פון געטאָ". אין ליכט פון די פּילצאָליקע חורבן־און אויפשטאַנד־לידער וואָס מ. קנאַפּהייס האָט געשאַפן אין משך פון די שפּעטערדיקע 25-30 יאָר, זעען אויס די לידער פונעם „חלום פון געטאָ" — בלאַס, און ס'איז פאַרשטענדלעך: אַראָפּגעקומען צוריק קיין פּויליך, האָט דער דיכטער געטראָפן אין וואַרשע חורבות, קאַשמאַרן, עפּעס אַזוינס וואָס איז אומגלויבלעך שווידערלעך... און ער איז דאָך די יאָרן פון נאַצי־קריג נישט געווען אין געטאָ, נישט גענומען אַנטייל אין אויפשטאַנד.

אָבער „דער חלום פון געטאָ" פאַרמאָגט פאַנטאַזיע, ליטעראַרישע טעכניק, רײַכן וואָקאַבולאַר און געפיל פאַר ריטעם; די געשילדערטע „פאַקטן" זיינען טראַגיש גראַנדיעז.

די אויסגאַבע „לבנה-קריכער" איז אַרויס אין 1951 אין דער ביכער-סעריע פון יידישן פּען-קלוב, פּאַריז. אינגיכן האָט זי באַקומען די האָפער-לייב-פּרעמיע ביים אַרגענטינער קולטור-קאָנגרעס. די לאַווע פונעם פייערשפּייענדיקן נאַצי-ווולקאַן האָט זיך ערשט גענומען אָפּקילן. יידישע פּאָעטן האָבן געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט אויף צו פאַראייביקן די יידישע טראַגעדיע.

מ. קנאַפּהייס איז געווען פון די ערשטע וואָס האָט געפונען אין זיך כוח און שעפערישקייט זיך צו נעמען צו אָט דער גראַנדיעזער טעמע פון חורבן און נאַציאָנאַלער דערמוטיקונג, און ער האָט דעם מאַטעריאַל פולשטענדיק באַהערשט קינסטלעריש.

ווען מ. קנאַפּהייסעס בוך „מגילת ייד" איז אַרויס אין וואַרשע אין 1948, אין פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", איז שוין אין פּוילן געווען אַ קאָמוניסטישער רעזשים, און די יידישע קאָמוניסטן זיינען געווען די באַלעבאַטים אין דער יידישער סביבה. זיי האָבן זיך געכאַפּט, אַז קנאַפּהייסעס בוך לידער איז ניט געגוג כשר און זיי האָבן קאָנפיסקירט די גאַנצע אויסגאַבע. נאָר אַ קליינע צאָל עקזעמפּלאַרן האָט זוכה געווען צו דערגרייכן די פרייע לענדער.

מלך ראַוויטש האָט אָפּגעדרוקט אַן עסיי וועגן דעם בוך „מגילת ייד" („אונדזער וואָרט", פּאַריז, 26 דעצעמבער 1949). איך וועל פאַרענדיקן מיין עסיי מיט אַ פּאָר ציטאַטן פון מ. ראַוויטש.

„לאַנגער אָטעם אין ליד איז ניט קנאַפּהייסעס וועג, דאָס לירישע קורצע ליד איז זיין דרך... צווישן די קורצע לידער זיינען דאָ פּערלען פון געמיט און פון פאָרעם און פון האַרציקער איבערלעבונג און פון בילדערישקייט און פון אָריגינעלן זאָג, — מיט איין וואָרט אַלץ וואָס אַ ליד דאַרף האָבן...

„אָט דאָס ליד („חלום-באַלאַדע") אַנטהאַלט אַלע גוטע אַטריבוטן פון קנאַפּהייסעס טאַלאַנט — מיט זיין גוטן ריטם, זיין אומ-

מיטלבאַרקייט, זײַנע גוט-געירשנטע און גוט-פּאַראייגנטע מעלות פון גרויסע דיכטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור, און אויך זײַנע אור-אייגענע מעלות... וועלן אים פירן אַלץ העכער און העכער אין אונדזער ליריק".

די ווּנטשן און האָפענונגען פון מלך ראַוויטש זײַנען אין גאַנצן מקוים געוואָרן.



מ. קנאַפּהייס

# לירישע באַלאַדן



**בײַם סימבאָלישן שטײן אויף די חורבות פון װאַרשעװער געטאָ**

**ראָג גע־שע און זאַמענהאָף אין 1946**



פון לינקס צו רעכטס: ישראל אַשענדאָרף ע"ה, אסתר קעסטין, יעקב ראָטבוים, משה קנאַפהײס, משה װאַלדמאַן



קליין ביכל לידער פון מ. קנאַפּהייס, דערשינען אין מאָסקווע אין 1940 מיט אַ פּאָר צענדליק זײַטלעך, אין מלוכה־פאַרלאַג עמעס. איך האָב דאָס ביכל געפונען אין דער עפנטלעכער ביבליאָ־טעק אין ניו־יאָרק. אויף אַן ערשטער זײַט איז אָפּגעדרוקט אַ שטעמפּל וואָס לייענט זיך „גאָסודאַרסטווענאַיאַ ביבליאָטיעקאַ, קניגאַ אָבמיען". אויף ייִדיש מיינט עס: „מלוכהשע ביבליאָטעק, ביכער־אויסטויש". דאָס הייסט, אַז אין יענע „גוטע" יאָרן האָט די ניו־יאָרקער עפנטלעכע ביבליאָטעק געקענט מאַכן אַן אויסטויש פון ענגלישע אָדער ייִדישע ביכער וואָס זענען אַרויס אין ניו־יאָרק — אויף אַנטשפּרעכנדיקע אויסגאַבעס פון מאָסקווע. דער דאָזיקער שטעמפּל איז אַן אמתער זכר לחורבן...

איר לייענט דאָס ביכל לידער און איר רײַבט זיך די אויגן: איז דאָס דער זעלבער דיכטער וואָס האָט אָנגעשריבן אין 1935 די פּאָעמע מקום און אין 1939 „די באַלאַדע פון דער פּשעקופּקע מיטן קוישל גרינס", אָדער די „באַלאַדע פון גייער אויף די וועגן פון קריג", אָדער די „באַלאַדע פון פאַרבלוטיקטן היטל" און די „באַלאַדע פון אַנטוישטן וואַנדערער?" אַן אויפקלערונג און אַן ענטפער אויף די שאלות גיט אונדז דאָס געדיכט וואָס איז אָפּגעדרוקט אין מאָסקווער ביכל א"נ מײַן ליד און איך. איך וועל ברענגען פון דעם ליד נאָר צוויי ציטאַטעס:

איך בין יונג נאָך — אַ ביימל אויפן ווינט —  
און קוק מיט אויגן יונגע קלאָר און אָפן,  
נאָר ייִנגער נאָך פון מיר — מײַן רויטע ליד;  
איז מײַן ליד פון מיר אַנטלאָפן...  
— — — — — — — — —  
מײַן ליד פון קאַמף, מײַן מוטיקע און דרײַסטע!  
מײַן ליד, מײַן קאַמף־ליד — ראַשיקער געלויף פון הייסן  
בלוט,  
איך גיי מיט דיר אין יעדער דעמאָנסטראַציע  
מיט אַ פלאַטערדיק און אויפגעשטורעמט האַרץ.

עס איז 1940. צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע איז מ. קנאַפּ־היים געלאָפן פון פּוילן קיין מזרח — זיך ראַטעווען פונעם בלוטיקן נאַציִשן שונא. ער האָט זיך געוואַלגערט איבער שטעט און דערפער ביז ער איז מגולגל געוואָרן קיין קאַזאַכסטאַן. ער קניפּט אָן דער־ווײַלע פאַרבינדונג מיט מאָסקווער וואָרטזאָגערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור, זיי זאָגן אים צו צו דרוקן זײַנע לידער, און מע גיט טאַקע אַרויס דאָס דערמאָנטע ביכל לידער זײַנע אין 1940, אונטער דער רעדאַקציע און מיט אַ קליינעם פאָרוואָרט פון אַ. קושניראָוו. ער האָט באַקומען אַן אײַנטריט־קאַרטע אין סאָוועטישן ליטעראַרישן גן־עדן...

ווי איך האָב עס דערציילט באַריכות אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל, האָט דער יונגער קנאַפּהיים זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון ספּי־קות, האָפענונגען און אַנטוישונגען. די אַלגעמיינע פאַרקנעכטשאַפט צום סטאַליניִשן רעזשים און דאָס בוקן זיך צו אים ווי צו אַ גאָט — שלעפּט מיט דעם יונגן דיכטער.. עס איז ערב דער קומענדיקער מלחמה מיט די נאַציס. ייִדיש־רוסישע פּאָעטן שמייכלען צום יונגן מ. קנאַפּהיים. און עס געשעט — „איז מײַן (אַלט) ליד פון מיר אַנטלאָפן"...

אַ נײַע תקופה פון נײַע ניגונים. ער זינגט צוזאַמען מיטן גאַנצן כאָר פון ייִדישע דיכטערס — „מוטיקע און דרײַסטע" קאַמפּלידער, רויטע לידער, סטאַליניִשע לידער. כאָטש ער זאָגט אַז ער איז אין „רוישיקן געלויף פון הייסן בלוט", דאָך פילט זיך אינעם ביכל „לי־רישע באַלאַדן" אַ געוויסע פאָרזיכטיקייט, אײַנגעהאַלטנקייט. וועט ער קענען ממשך זײַן זײַן אָנגעהויבענע ליניע פון וואַרשע און שרײַ־בן לידער און טאַקע באַלאַדעס? פון דעם אַלעם איז ניטאָ קיין סימן. די סאָוועטישע אַטמאָספערע האָט אונטערגעהאַקט די פליג־לען פון יונגן דיכטער. די לידער פון זײַן מאָסקווער אויסגאַבע זיינען הילפלאָזע, פּוסטע, גאָרנישט זאָגנדיקע. נאַיִווער מוסר־השכל, נעבעכדיקע גראַמען, באַמיִונג אַרויסצוווײַזן זיך „מוטיק און דרײַסט". פּרימיטיווער הומאָר.

די טעמעס פון די לידער זיינען בעיקר געווידמעט דעם „שליאַכ־טישן פּוילן" מיט זײַן רעזשים פון תפיסות, אַבעסקעס, הונגער

פון די אַרבעטער (די לידער: „רויבפויגל", „דער פּרינץ פון סמאָ־טשען־גאַס", אַרעסטאַנט, וועכטער, אויף אַ זעאונג א"אַ). דאָס ליד „אַרבעטער־קוואַרטאַל" איז כלומרשט סאָציאַלע פּאָעזיע, אָבער עס פעלט אויפריכטיקער פּאַטאָס, אַ סך שורות — נישט דער־רעדט, אומקלאָר. דער טיטול פונעם ביכל נאַרט אָפּ — עס איז ניט קיין „באַלאַדן" און ניט קיין „לירישע".

אינעם „ליד צו רויטאַרמייער" — פאַלשע טענער, אַ רחמנות אויף די געקינסטלטע פערזן...

נעמט מיך, ברידער טײַערע,
נעמט מיך פאַר דער האַנט;
איך בין אַ קינד געוואָרן איצט,
אַ קינד פון אײַער לאַנד!

— — — — — — — — — —

דער חלום וואָס האָט מיך געפירט,
כ'פאַרוואַרף צו אײַך — אַ בריק;
לערנט מיך, כ'זאָל קענען איצט
געניסן פון דעם גליק.

מ. קנאַפּהיים שרײַבט מיר אין אַ בריוו אַז ער האָט ניט אין בוענאָס־אײַרעס קיין עקזעמפּליאַר פון די לירישע באַלאַדן. ס'איז אפשר גוט אַזוי — אויסמעקן פון זכרון יענע צײַט פון גײַסטיקע קאָש־מאַרן. עס איז באמת אַ גליק, וואָס דער חלום האָט אים ניט פאַרפירט.

אָט איז נאָך אַ ציטאַטע פונעם ליד „סטאַלין":

דו ביסט דאָס גרויסע וואָרט פון גליק און פרייד,
און פונעם וועלטקנויל דו וואַקסט אַרויס — באַשייד,
און ווען דו וועסט אויפסנײַ אַ רוף טאָן — ווייס,
איך צאָל דאַן מיט מײַן לעבן, מיט מײַן בלוט און שווייס.

זײַנע שפּעטערדיקע צען סאָנעטן „פּאָעטען מאַרטירער", וועגן וועלכע איך דערצייל אין ערשטן קאַפּיטל, זיינען דער טראַגישער פינאַל פון אָט דעם „חלום", „גליק און פרייד". דער דיכטער האָט באַצאָלט פאַר דעם מיט גענוג „בלוט און שווייס".



• קנאַפּהיים האָט אין די אָרטיקע צײַטשריפטן געשריבן אַ סך וועגן דער מיסיע פון דער יידישער ליטעראַטור, וועגן דער קללה פון די פּסיידאָ-קריטיקערס און וועגן די אייגנשאַפטן פון גוטן עכטן ליד און דיכטער. אָט זיינען עטלעכע קורצע אויסצוגן פון זײַנע אַרטיקלען:

„פּאָעזיע, אַ פּאָעטישע שאַפונג, רופן מיר אָן דעם אינטימען לירישן אויסברוך פון שטימונגען, רעפלעקסן און געפילן, וואָס קומט אין רעזולטאַט פון אַ דירעקטער אָדער אַסאָציאַטיווער איבערלעבונג — באַגײַסטערונג אָדער פאַרצווייפלונג... דער עכטער קינסטלער שעפּט די אינספּירירונג פון דעם לעבן גופא, דאָס לעבן — אַזוי ווי עס איז — דינט אים ווי רוישטאָף, ווי ליים פאַר זײַן ווערק...

„די דיכטערישע שאַפונג איז אַ השתפכות הנפש, אַ נשמה-אויסגוס, וואָס קומט ממעמקים, פון די סאַמע טיפענישן, און שפּיגלט אָפּ דעם געמיט-צושטאַנד, די געפילן-וועלט פונעם דיכטער.

„אויך די קינסטלערישע פּראָזע פאַרמאָגט אַ ריטם, אָן אינערלעך פליסנדיקן ריטם, וואָס איז ממש ווי אַ געזעץ... אַ פּראָזע-ווערק, וואָס פּרעטענדירט אויף קינסטלערישקייט, שטיצט זיך פונקט ווי די פּאָעזיע, נישט בלויז אויף שפּראַך-מײַסטערשאַפט, נאָר אויך אויף אַ גאַנצער ריי קונסט-עלעמענטן, וואָס זיינען אָן אומבאַדינגטקייט, ווי למשל סיוזשעט און אידעיִשע אָנגעלאָדנקייט, אַקציע און דינאַמישקייט, מיליע און קאָנסטרוקציע... עס איז נישטאָ קיין שוואַך אָדער שטאַרק ליד, עס איז דאָ אַ גוט ליד אָדער אַ שלעכט ליד. נישטאָ קיין גרויס אָדער קליין ווערק, עס איז דאָ אַ גוט ווערק אָדער אַ שלעכט ווערק, אָן עכט ווערק אָדער אַ פאַלש ווערק. אָט די מאָס איז גילטיק פאַר אַלע, פאַר אַלץ און אַלעמען...״

אַט דער קונסט־אַני־מאמין איז דער שליסל צום אָפּשאַצן די איינגנשאַפטן און דערגרייכונגען פון מ. קנאַפּהיים אין זײַן ליד און פּראָזע.

איך האָף, אַז מײַנע אַנאַליטישע עסייען וועגן די ווערק פון מ. קנאַפּהיים, וועלן העלפן דעם לייענער אָפּשאַצן די שעפערישע אָרנטלעכקייט פונעם קינסטלער, זײַנע געלונגענע עקספּערימענטן און פּאָזיטיווע דערגרייכונגען. זײַן אַרײַנדרינג אין די סודות פון אמתער קונסט, זײַן באַוווּסטזיניקע באַציִונג צו אַנדערע און צו זיך — האָבן אים געהאָלפן אויף זײַן וועג פון צענדליקער יאָרן שאַפונג.



# ח. ש. קאַזדאַן

## ביבליאָגראַפיע

א. ביכער

ב. אָפּהאַנדלונגען אין ענציקלאָפּעדיעס, זאַמלביכער

ג. רעדאַקטירט, צוזאַמענגעשטעלט, איבערגעזעצט

ד. געקליבענע אַרטיקלען אין זשורנאַלן

1) יידישע שפּראַך, אויסגאַבע פון ייוואָ, ניו־יאָרק

2) די צוקונפט, נ״י

3) אַרטיקלען אין „ביכערוועלט"

4) אָפּהאַנדלונגען אין רוסיש און ענגליש

5) לערנביכער, שול־אויסגאַבעס

צוליב טעכנישע סיבות זיינען אין דער „ביבליאָגראַפיע" נישט אריין די אַרטיקלען פון ח. ש. קאַזדאַן אין די חודש־זשורנאַלן:

שול און לעבן, קיעוו, 1918־1920

אונדזער צייט, וואַרשע, 1927

פאָרויס, וואַרשע, 1936־1938

פאָרויס, מעקסיקע

אונדזער צייט, ניו־יאָרק

## א. ביכער

אין די טעג פון רעוואָלוציע — אין איינער אַ שטאָט (וועגן דער רע־וואָלוציע פון 1917) פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1928, 111 ז״ז

יוסף לעשטשינסקי — זיין לעבן און שאַפן, פאַרלאַג קולטור־ליגע, וואַרשע, 1937, 83 ז״ז

מעטאָדיק פון דער יידישער שפּראַך, פאַרלאַג ציש״אָ, וואַרשע, 1939, 230 ז״ז

די געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, פאַרלאַג קולטור און הילף, מעקסיקע, 1947, 571 ז״ז

מעטאָדיק פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, פאַרלאַג יידבוך, בוענאָס־איירעס, 1950, 348 ז״ז

פון חדר און שקאָלעס ביז ציש״אָ, פאַרלאַג ש. מענדעלסאָן־פאָנד, מעק־סיקע, 1956, 455 ז״ז

מענטשן פון גייסט און מוט, פאַרלאַג יידבוך, בוענאָס־איירעס, 1962, 389 ז״ז

דער קינסטלער און דערציילער מענדל מאַן, פאַרלאַג „אונדזער קיום״, פּאַריז, 1964, 92 ז״ז

שלום אַש, פאַרלאַג ציק״אָ, ניו־יאָרק, 1966, 119 ז״ז

איציק מאַנגער, פאַרלאַג ציק״אָ, ניו־יאָרק 1968, 164 ז״ז

משה קנאַפּהייס, פאַרלאַג יידישלאַנד, בוענאָס־איירעס, 1972, 160 ז״ז

## ב. אָפּהאַנדלונגען אין ענציקלאָפּעדיעס, זאַמלביכער

אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, באַנד 3, 1944 —

ח. ש. ק.: „בונד״, זייטן 324 - 331.

20 יאָר יידישע שול, יובל־בוך, מעקסיקע, 1944, זייטן 201-207

ח. ש. ק.: „אַ רעוויזיע אין דער סיסטעם פון יידישער דערציונג״.

זאַמלביכער, רעד׳: י. אָפּאַטאָשו, ה. ליוויק, באַנד 6, 1945 —

ח. ש. ק.: „שיין מיללערס ליטעראַרישער וועג״, זייטן 398-418.

שול־פּינקס, שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט, שיקאַגאָ, 1948 —

ח. ש. ק.: „פינף און דרייסיק יאָר יידישע קינדער־ליטעראַטור״, זייטן 335 - 380.

בלעטער פאַר יידישער דערציונג, ניו־יאָרק, 1949 —

ח. ש. ק.: „דער לימוד פון ליטעראַטור״ באַנד ב, זייטן 19-35; „ווי אַזוי צו לערנען פּאָעזיע אין שול״, באַנד ג׳, זייטן 25-35; „דער חדר מתוקן, זיין ראָל, געשיכטע און פּראָגראַם״, באַנד ה׳, זייטן 57-67; „דורות קיימלען זיך״, באַנד ו׳, זייטן 20-27.

דוד עדעלשטאַט - געדענקבוך, ניו־יאָרק, 1953 —

ח. ש. ק.: „עדעלשטאַט אין דער אַרבעטער־ליטעראַטור״, זייטן 429-439.

דורות בונדיסטן, רעד' י. ש הערץ —

ח. ש. ק.: „ב. כהן ווירגילי", „בוזי ספיוואק", „יקותיאל פארטנאי" (נח); באנד 1, 1956; באנד 2, 1956 — „הערשל גרינבוים", „לייב שיפ־רעס"; באנד 3 — „גרשון און זינע פלודערמאכער", „ש. פ. גילינסקי", „יוסף ברומבערג", „ג. זאלצמאן".

י. נ. שטיינבערג־בוך, ניו־יארק, 1961 —

ח. ש. ק.: „י. נ. שטיינבערג דער שריפטשטעלער און דענקער", זייטן 188 - 206.

די געשיכטע פון בונד, ניו־יארק, 1960 - 1971 —

ח. ש. ק.: „דער בונד — ביז דעם פינפטן צוזאמענפאר", באנד 1, זייטן 107 - 279; „אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה", באנד 3, זייטן 7 - 81; „די בונדישע טעטיקייטן אויפן געביט פון שול, קולטור, ליטעראטור, טעאטער", באנד 4.

## ג. רעדאקטירט, צוזאמענגעשטעלט, איבערגעזעצט

ס. דובנאוו־ערליך — „בלעטער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג", פארלאג קולטור־ליגע, ווארשע, 1933 —

„די געשיכטע פון גארבער־בונד", איבערגעזעצט פון רוסיש: ח.ש. קאזדאן, זייטן 83 - 148.

ח. ש. קאזדאן — „דער לעבנסוועג פון א. ליטוואק", אויסגאבע פון ארבעטער־רינג, ניו־יארק 1945. א. ליטוואק־ביבליאגראפיע צוזאמענגע־שטעלט פון ח. ש. און שפרה קאזדאן.

י. דעלעווסקי, דער סאציאלער אידעאל און זיינע וויסנשאפטלעכע יסודות, איבערגעזעצט פון ח. ש. קאזדאן, פון רוסישן כתב־יד, פארלאג „גרינ־וויטש פרעס", ניו־יארק, 1945, 389 זייטן.

ח. ש. קאזדאן — „דאס לעבן און שאפן פון ב. צביון", פארלאג א. לאוב, ניו יארק, 1948, 480 זייטן.

שלמה מענדעלסאן, זיין לעבן און שאפן, פארלאג אונדזער צייט, ניו־יארק, 1949; ח. ש. קאזדאן: „דער שול־און קולטור־טוער", זייטן 52-71.

י. באסקין, צו זיין 50־יאריקן יובילײ, פארלאג נאציאנאלער עקזע־קוטיווער קאמיטעט פון ארבעטער־רינג, ניו־יארק, 1951 —

ח. ש. קאזדאן: „י. באסקין אין ארבעטער־רינג און יידיש־אמעריקאנער לעבן", זייטן 83-148.

לערער־יזכור־בוך, ניו־יארק, 1952-1954, 568 זייטן.

מעדעם־סאנאטאריע־בוך, פארלאג „המנורה", תל־אביב, 1971, 460 ז"ז.

שמעון דובנאוו — וועלט־געשיכטע פון יידישן פאלק, בוענאס־איירעס־ניו־יארק, 1950-1956; באנד 9 — יידיש: נחום שטיף, צוגאב־אויסבעסע־רונגען: ח. ש. קאזדאן; באנד 10 — יידיש: ח. ש. קאזדאן.

ש. דובנאָוו־בריוו וועגן אַלטן און נײַעם ייִדנטום, ייִדיש, משה און שאול פערדמאַן, אַרײַנפירוואָרט און צוגאָבן פון ח. ש. קאַזדאַן.

די „הוספות" נעמען אַרײַן: 1) ש. דובנאָוו — וועגן שלילת הגלות פון אחד־העם; 2) שלילת הגלות און חיוב הגלות אין אחד־העמס לערע; ביי־דע אין דער איבערזעצונג פון ח. ש. קאַזדאַן; 3) אויפקלערונג פון ח. ש. קאַזדאַן וועגן דובנאָווס צוועלפטן בריוו „דער מוסר־השכל פון די שרעק־לעכע טעג".

## ד. געקליבענע אַרטיקלען אין זשורנאַלן

### „ייִדישע שפּראַך", ניו־יאָרק

ח. ש. קאַזדאַן

סינאָנימיק אין יהואשעס פּאָעזיע, מערץ־אַפּריל, 1945.
אַן אַנאַליז פון יהואשעס „דאָס ניט־געזונגענע ליד", באַנד 5, נומ' 4-6, 1945.
מעטאַפאָריק אין יהואשעס פּאָעזיע, באַנד 6, נומ' 3-6, 1949.
בילדערישקייט אין דער ייִדישער פאָלקסשפּראַך, באַנד 9, 1949.
ריטעם אין ייִדישער פּראָזע, אַפּריל־יוני, 1955.
וועגן פאַרשיידענע גרופּעס העברעיִזמען, באַנד 20, סעפּ', 1960.
איציק מאַנגערס מעלאָדיק, בילדערישקייט און ווערטער־אויסקלײַב, באַנד 27, נומ' 2, סעפּ' 1967.
פון מענדעלעס לשון, באַנד 24, נומ' 3, דעצ', 1964.

## אַרטיקלען אין זשורנאַל „די צוקונפט", ניו־יאָרק

1. שלום אַש און זײַן טרילאָגיע, מערץ, 1931.
2. י. אָפּאַטאָשו — „קלאַסנקאַמף", דערציילונגען, יולי, 1932.
3. על נהרות ווייסל און ווילִיע, אויגוסט, 1943.
4. ייִדיש טעאַטער און טעאַטער־באַוועגונג אין פּוילן, מערץ 1944.
5. אונדזער חורבן, אויגוסט 1945.
6. שמעון דובנאָוו און די ייִדישע שול־פּראָבלעם, מערץ 1946.
7. פיזיקער־ראָמאַנטיקער, פון י. דעלעווסקי, איבערגעזעצט פון כתב־יד ח. ש. קאַזדאַן, מערץ, 1947.
8. די „אַנטאָלאָגיע פון דער ייִדישער פּראָזע אין פּוילן" און דאָס ייִדישע לעבן, מערץ, 1949.
9. זוסמאַן סעגאַלאָוויטש, יולי־אויגוסט, 1949.
10. ד"ר בן־ציון האָפמאַן (צביון), נאָוו'־דעצ', 1954
11. ש. דובנאָוו און די וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק יולי־אויג, 1955.
12. שלום־עליכם, דאָס קינד און די ייִדישע שול, מאַי־יוני, 1959.
13. איציק מאַנגער אין ליד און באַלאַדע, סעפּ', 1967.
14. מיט 25 יאָר צוריק האָט סטאַלין אומגעבראַכט ה. ערליך און וו. אַלטער, יאַנואַר, 1967.

15. פּישל בימקאָ — זיין לעבן, זיין שאַפן, נאָוו', 1969.
16. מענדל מאַן אין קורצער נאָוועלע, יולי־אויגוסט, 1970.

## אַרטיקלען אין זשורנאַל „ביכערוועלט"

(רעדאַקציע: מ. זילבערפאַרב, י. כמורנער, ח. ש. קאַזדאַן)

1928

דער קינסטלער אין גײַסט נאָך פרײַהייט
נישט יאוש, נישט הורא — נאָר אַרבעט
לעוו טאָלסטאָי
„שניטצייט" — ע. וואַרשאַוסקי
„דער רייסער" — א. ערענבורג
„דאָס געשעפט פון די אַרטאַמאַנאָווס" — מ. גאָרקי
קנעכטישע ליד פון פרײַען זינגער
גרויסע לאַזונגען און קליינע אידעען
די אָרגאַניזאַציע פון אונדזער וויסנשאַפט
פאַרלאַגן און זייער איכעיִשער מהות
ביכער, לייענער און פאַרלעגער
וועגן דער דיסקוסיע: „צי איז דאָס יידישע ליטעראַרישע וואַרשע
א יורד?"

1929

„קוילן" — שלום אַש
דער נייער גלגול פון הבימה
קולטור־העגעמאָניע, מאַסן־קולטור (צו אונדזער דיסקוסיע)
„דאָס שטורמישע לעבן פון לאַזיק רויטשוואַניעץ" — איליאַ ערענבורג
טלאַמאַצקע 13
דוד איינהאָרן (צו זיין 25־יאָריקן יובילעום)
„דאָס לעבן פון קלים סאַמגין" — מאַקסים גאָרקי

## לערנביכער און שול־אויסגאַבעס

1. „מיין יידישבוך" (צוזאַמען מיט י. פּאַט) פאַרלאַג ציש"אָ, 230 זייטן.
2. „פאַר שול און היים", דריי טיילן: „קינדער, „שטעטל", „חסידים און מתנגדים", פאַרלאַג קולטור־ליגע, קיעוו, 1919.
„פאַר שול און היים", נייע אויפלאַגע, וואַרשע־ביאַליסטאָק.
3. „מענדעלע מוכר ספרים" (בראָשור), פאַרלאַג ציש"אָ.
4. „אַ שול אויף יידיש אָדער אויף פּויליש" (צו די עלטערן פון קינדער אין פּוילישע שולן), פאַרלאַג ציש"אָ, 1926, 21 זייטן.
5. „ביים קוואַל" (צוזאַמען מיט ז. עפּרויקין), ניו־יאָרק, 1948.

## אָפּהאַנדלונגען — אין רוסיש און ענגליש

### אַרטיקלען אין רוסיש:

**„וויעסטניק פּראָסוויעשטשעניאַ"**

נומ, 11 — שלום־עליכם פאַר קינדער
" 18 — אַנגעוויטיקטע פּראָגעס פון אונדזער שול
" 23 — די פּערספּעקטיוון פון אונדזער פאָלקסשול
" 29 — די מלמדים און דער חדר
" 31 — די ווערק פון י. ל. פּרץ פאַר קינדער־לייענערס
" 43 — אַ. רייזענס ווערק פאַר קינדער
" 50-49 — ווי אַזוי אַוועקצושטעלן דעם לימוד פון דער יידישער שפּראַך
" " — (ס. קאַן) רעפּעראַט איבערן בוך פון רודאָלף הילדערבראַנד „וועגן לערנען די מוטערשפּראַך אין שול און וועגן נאַציאָנאַלער דערציִונג און בילדונג בכלל"

### אַרטיקלען אין ענגליש:

1) **"The Yiddish Secular school movement between the two world wars"**, Jewish People Post and Present (jewish Encyclopedic Handbooks), ny 1951. Vol. II, pp. 131-143.

2) **"Sholom Aleichem - Poet of childhood"**, Melech Grafstein's Sholem Aleichem Panorama, 1948, pp. 32-35.

3) **"Pastwar Problems in Education"**, the Journal of Educational Sociology, № 6, 1946.

4) **"Did Europe's Education fail?"**, New Europe, december, 1944, pp. 7-10.

---

## תיקון־טעות

אויף זייט 50, אין דער אונטערשריפט אונטערן בילד, אַנשטאַט קוטנער, דאַרף זיין קוטשער.

זייט 55, 10טע שורה פון אויבן אַראָפּ, אַנשטאַט ריזיקערט, דאַרף זיין ריזיקירט.

זייט 50, קלישע־אונטערשריפט, אַנשטאַט יוסף, דאַרף זיין נתן.

זייט 82, ערשטע שורה פון אויבן אַנשטאַט הייטלעד, דאַרף זיין הייטלעכט.

זייט 105, 4טע שורה פון אונטן אַרויף, אַנשטאַט ס'טאַנצן די טאַטצן, דאַרף זיין ס'טאַצן די טאַצן.

זייט 106, 10טע שורה פון אונטן אַרויף, אַנשטאַט טעכניש דאַרף זיין טעכניק.

זייט 107, 4טע שורה פון אונטן אַרויף, אַנשטאַט מיראַדע, דאַרף זיין טיראַדע.